# YID UN VELT

## THE JEW AND THE WORLD

BY

KALMAN WHITMAN

SHULSINGER BROS. PUBLISHING CO.

NEW YORK, 1938

# איד און וועלט

אַן אָפּהאַנדלונג וועגען אידען, אידישקייט
און דער ניט־אידישער וועלט

— פון —

קַלמן ווייטמאַן

פאַרלאַג „שולזינגער ברידער"
ניו־יאָרק, תרצ"ח

# א שטיקעל הקדמה

אין דער דאָזיגער אָפּהאַנדלונג ווערען באַטראַכט די הויפּט פראגען וועגען אידען, אידישקייט און דער ניט־אידישער וועלט, וואָס באַאומרוהיגען דיינקענדע אידען פון דעם איצטיגען דור, און עס ווערט געפּרואווט צו ענטפערען אויף זיי.

עס ווערען דאַ באהאנדעלט די פארשידענע באַוועגונגען, אדער „איזמען" אין דער אידישער גאס פאר די לעצטע עטליכע צענדליג יאָהר. די איזמען וואָס האָבען זיך געשטעלט דעם ציל צו ענטפערען אויף דער אידישער פראגע, און וואָס ווערען אין דעם דאָזיגען חיבור באַצייכענט מיט דעם אלגעמיינעם נאָמען — „די וועלטליכע אידישקייט".

צוזאמען מיט דעם ווערט דאָ ארומגערעדט די תורה־רעליגיע אידישקייט: איהר תמצית; איהר איינפלוס אויפ'ן אידישען פאָלק אין דער פארגאנגענהייט; איהר פּלאַץ אין דער געגענוואַרט און צוקונפט און די מעגליכקייטען וואס זי טראָגט מיט זיך צו ענטפערען אויף דער אידישער פראַגע.

דער מחבר גלויבט, אז זיינע ענטפערס וועלען געפינען א סימפּאטישען אָפּקלאַנג ביי פילע פון די לייענער. ער גלויבט אויך, אז די אידעען און אויספיהרונגען וואָס ער ברייגט דאָ ארויס זיינען ביכולת ארויסצורופען ביי געוויסע יחידים און אָרגאַניזירטע גרופען דעם וואונש דורכצופירען אין לעבען די פּראַקטישע אויפגאַבען וואָס פאָלגען ארויס פון די ארויסגעבראַכטע אידעען.

עס וועלען זיך געפינען לייענער וואָס וועלען זיין געגען די הויפטגעדאנקען וואָס ווערען דאָ ארויסגעזאָגט, אויף א פרינציפיעלען גרונט. אנדערע וועלען באטראכטען די אויס־פירונגען וואָס טראָגען א סאָרט פראַקטישען כאראַקטער — פאר אומפראַקטיש און אוטאָפּיש. דער מחבר דיינקט אבער, אז אפילו די דאָזיגע לייענער וועלען זיך פארטראכטען איבער די ארויסגעזאָגטע מיינונגען און דורכדעם וועלען זיי, די לייע־נער, באַוועגט ווערען צו רעווידירען די געדאנקען און מיינונ־גען וואָס זיינען זעהר פּאָפּולער אין געוויסע אידישע קרייזען און ווערען באטראכט אלס די לעצטע אמת׳ן.

די דאָזיגע רעוויזיע אליין, דיינקט דער מחבר, איז א באדייטענדער שריט אויפ׳ן וועג וואָס ער צייכענט אָן, כאָטש אין זעהר אלגעמיינע שטריכען, אלס דער געוואונשטער וועג פאר׳ן אידישען יחיד און אידישען כלל.

חמשה עשר בשבט, תרצ״ח — **קלמן וויטמאַן.**

17־טען יאַנואַר, 1938

# אינהאַלט

## ערשטער קאַפּיטעל

### .1

מיר האָבען אין דער אידישער וועלט אזא זאך וואס רופט זיך „וועלטליכע אידישקייט“. די דאזיגע אידישקייט איז גוט באקאנט צווישען אידען וואס ווערען באטראכט אלס אינטע־לעגענטע אידען. זי איז אויך מער־וויניגער באקאנט צווישען די גרויסע אידישע מאַסען. סיי די מאַסען וואָס געפינען זיך אונטער דער דירעקטער אדער אומדירעקטער השפעה פון דער דאזיגער אידישקייט, סיי די מאסען וואס האָבען צו איהר קיין שייכות ניט. אויך די לעצטע האָבען פון איהר געהערט, כאטש זיי האָבען וועגען איהר א זעהר מטושטש'דיגע פאר־שטעלונג.

ביים אָנפאנג פון דער דאזיגער אפּהאַנדלונג זאל דא די וועלטליכע אידישקייט דעפינירט ווערען אין איין קורצען זאץ: זי איז דער געגענזאץ פון דעם, וואס איז באקאנט אלס די תורה־רעליגיע אידישקייט *)

*) אין דער דאזיגער אפּהאַנדלונג וועט אממערסטען באנוצט ווערען דער אויסדרוק „תורה־רעליגיע אידישקייט“ און ניט די איינצעלנע ווערטער „תורה“, אדער „רעליגיע“, ווייל דאָס וואָרט „תורה“ האָט לעצ־טענס נושא חן געווען ביי א טייל פון וועלטליכע אידען, אידישיסטען און העברעאיסטען, און זיי, נאַטירליך, לייגען אריין אין דעם וואָרט זייערע כוונות, וואָס זיינען ניט די כוונות פון דעם שרייבער. „רעליגיע“ איז א וואָרט וואָס דריקט אוים דעם באַגריף וואָס רעפאָרמער־אידען און זייער גלייכען האָבען וועגען רעליגיע. און דאָס איז ווידער ניט די כוונה פון דעם שרייבער. „תורה־רעליגיע אידישקייט“ אבער איז אן אויסדרוק וואָס אַנטהאַלט ניט דעם וועלטליכען און ניט דעם רעפאָרמער באגריף.

זייענדיג דער געגענזאַץ, איז די וועלטליכע אידישקייט אדער אקטיוו אין איהר געגנערשאפט אדער בלויז גלייכגיל־טיג צו דער תורה-רעליגיע אידישקייט. אזוי צו אזוי, קאָן די וועלטליכע אידישקייט באצייכענט ווערען אלס אנאנדער, א נייער סאָרט אידישקייט, פון וועלכער אונזערע אבות אבותינו האָבען קיין באגריף ניט געהאט.

די וועלטליכע אידישקייט פארמאגט א געוויסע צענטראַ־לע אידעע. די אידעע דריקט זיך אויס אין פארשידענע באַ־וועגונגען און נעמט אן פארשידענע פארמען. די באוועגונ־גען און פאָרמען פירען צווישען זיך א שטענדיגען און אָפט מאָל א ביטערען קאמף. זיי זיינען אבער אינערליך פאר־אייניגט אין זייער נעגאַטיווער באציהונג צו דער תורה־רעלי־גיע אידישקייט דורך זייער בשותפות׳דיגער צענטראלער אי־דעע.

די נעגאטיווע באציהונג דריקט זיך אויס אין דעם, וואס די וועלטליכע אידישקייט האלט, אז עס איז געקומען די צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק דארף און קאָן אנהויבען לעבען אלס פאָלק אָהן זיין רעליגיע. אדער, ווען עס דארף לכל הפחות אוועקגענומען ווערען פון דער אידישער רעליגיע די גרויסע מאַכט און השפעה וואס זי האָט געהאַט אויפ׳ן אידישען פאלק ביז היינטיגען טאג.

די וועלטליכע אידישקייט איז אבער ניט נאר א נעגאטי־ווער וועזען. זי באזיצט אויך א פּאָזיטיווען עלעמענט. דאָס איז דער געדאַנק און דער וואונש, אז צוליב דעם וואס די אידישע רעליגיע פארשווינדעט, אדער פארלירט איהר אמאליגען כח — זאָל דאָס אידישע פאָלק זעהן צו שאַפען פאר זיך די תנאים

וואָס זאָלען איהם דערמעגליכען צו עקזיסטירען און זיך אנט־וויקלען אלס א וועלטליך פאָלק.

פונקט ווי אלע מאָדערנע פעלקער. זיי לעבען א גייסטיגען לעבען דורך זייערע קולטורען און שפראַכען וואָס האָבען קיין שייכות ניט, אדער א גאנץ קליינע שייכות צו רעליגיע. אזוי דארף אויך דאָס אידישע פאָלק לעבען. ער דארף אנטוויקלען זיין קולטור און שפראַך און זיי אנפילען מיט א וועלטליכען אינהאַלט. די מאָדערנע פעלקער, אפטייל'לענדיג שטאַט פון רע־ליגיע, האָבען געשאַפען סיסטעמען פון בילדונג און דערצי־הונג וואָס זיינען פריי פון רעליגיעזען אינהאַלט און גייסט. אזא סיסטעם פון אידישער דערציהונג דארף דאָס אידישע פאָלק שאפען פאר זיך.

עס איז אמת, ווערט פארטגעזעצט דער געדאנקען־גאַנג פון דער וועלטליכער אידישקייט, אז צוליב די באזונדערע לעבענס־באדינגונגען פון דעם אידישען פאלק איבער גאר דער וועלט, איז פאר איהם שווער צו אנטוויקלען זיין שפראך און קולטור. ליגט אויף איהם א ספעציעלע אויפגאבע וואס קיין פאָלק האָט ניט: מאכען באזונדערע אנשטרייגונגען פאר דעם קיום און אנטוויקלונג פון זיין שפראך און קולטור.

אנדערע פארשטייער פון דער וועלטליכער אידישקייט גייען ווייטער: דאָס אידישע פאָלק דארף אויף זיך נעמען די גרויסע אויפגאבע צו ווערען גלייך מיט אלע פעלקער ניט נאר אינ'ם ענין פון שפראַך־קולטור, נאר אויך אין שייכות צו די הויפט תנאים וואס מאכען מעגליך א נארמאלען נאַציאָנאלען לעבען. דאָס מיינט, דאָס אידישע פאָלק דאַרף דערווערבען פאר זיך א טעריטאריע, אדער טעריטאָריעס; שאַפען פאר זיך אַן

אייגענע ווירטשאַפט אדער ווירטשאַפטען, אויב ניט טאַקע אַן אייגענע מלוכה, און דורך דעם איינגעשלאָסען ווערען אין דער משפחה פון נאָרמאַלע פעלקער.

דאָס איז דער תמצית פון דעם אידייאישען תוך פון דער וועלטליכער אידישקייט, און ווי אנגעמערקט, איז דער דאָזיגער תוך א פאראייניגענדער, א געמיינשאפטליכער צו איהרע פארשידענע פאָרמען.

אין וואָס באַשטייט די פארשידענקייט פון די פאָרמען?

אין דער אויסטייטשונג און פראַקטישער אָנווענדונג פון דעם אידייאישען תמצית. „אידישע שפראך און קולטור" — וואָס זיינען זיי און וואָס זאָלען זיי זיין? אידיש אדער העברעאיש? „א אידישע טעריטאָריע" — וואָס זאל זי זיין? ארץ ישראל דוקא, אנאנדער לאנד, אדער אויך אנאנדער לאנד? און אויב אנאנדער לאנד,—זאָל דאָס זיין אין סאָוועט רוסלאַנד אדער אין אירגענד וועלכער אנדער מדינה? „א אידישע ווירטשאַפט" — אויב אין ארץ ישראל, זאָל זי זיין א קאַפּיטאַליסטישע, א האלב קאַפּיטאַליסטישע, אדער א סאָציאליסטישע, און וואָס זאָל דאָס אידישע פאָלק טאָן, כדי אויסצוקעמפען פאר זיך א מינימום פון נארמאַלע עקאָנאָמישע און נאציאנאל־קולטורעלע באדינגונגען אין די פארשידענע גלות־לענדער? און וואָס זאָל זיין דער לעבענסשטייגער פון דעם אידישען פאלק; א לעבענסשטייגער וואָס צורייסט אין גאַנצען מיט דער רעליגיעזער אידישער פארגאנגענהייט, אדער אזעלכער וואס דערהאַלט אין זיך נאָך סימנים און זכרונות פון דער דאָזיגער פארגאַנגענהייט?

דאָס זיינען א צאָל פראַגען, בפירוש'ע און פארשטאנענע,

אויף וועלכע די פארשידענע פארמען פון דער וועלטליכער אידישקייט גיבען זייערע ענטפערס. אין דער פארשידענקייט פון די ענטפערס ווערט אויסגעדריקט די פארשידענקייט פון די באוועגונגען און פארמען פון דער וועלטליכער אידישקייט.

פון די דאָזיגע פּאָר באַמערקונגען איז קלאָר, אז די וועלטליכע אידישקייט איז דער געגענזאץ פון דער תורה־רע־ליגיע אידישקייט. ניט אין איהר פּאָזיטיווען עלעמענט, ניט אין איהר געדאַנק, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זעהן צו שאַפען פאר זיך אן אייגען לאנד און גינסטיגע עקאָנאָמישע און סאָ־ציאַל־פּאָליטישע תנאים אין אַנדערע לענדער, נאר אין איהר נעגאַטיווען, אין דעם, וואָס זי פארלייקענט די חשיבות און נויטיגקייט פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט; אין דעם, וואס זי גלויבט ניט, אז עס איז דא א מעגליכקייט פאר דער דאָזיגער אידישקייט צו לעבען אין דער היינטיגער און „מאָר־גענדיגער״ ניט רעליגיעזער צייט, און באזונדערס אין איהר וואונש און באמיהונג אוועקצושטעלען דאס גאַנצע אידישע גייסטיג־קולטורעל לעבען אויף וועלטליכקייט.

די דאזיגע באמיהונג שטעלט מיט זיך פאר א פולשטענ־דיגען איבערדייס מיט דער אידישער געשיכטע. דאָס הייסט, מיט דער נשמה און זין פון דער אידישער געשיכטע. ווייל זינט דאס אידישע פאָלק איז געוואָרען א פאָלק, איז בלויז די תורה־רעליגיע אידישקייט געווען דער קוואל פון זיין קולטור און לעבענסשטייגער.

עס וועט ניט זיין איבעריג זיך אפצושטעלען א ווײלע אויף דעם דאָזיגען ענין.

2

מיר קענען ניט באשטימען מיט פולער זיכערקייט די צייט, פון וועלכער עס הויבט זיך אָן דאָס, וואָס מיר רופען אידישע „געשיכטע". מיר ווייסען אבער יאָ, אז נאָך אין די אוראַלטע צייטען, ווען דאָס אידישע פאָלק איז באשטאַנען פון וואַנדערענדע שבטים אדער משפחות — אז נאָך אין יענע צייטען האָט זיך דאָס אידישע פאָלק אונטערשידען און אפגעזונדערט פון אַנדערע פעלקער דורך זיין רעליגיע.

די גרויסע חשיבות פון אברהם, יצחק און יעקב אין די אויגען פונ׳ם אידישען פאָלק נעמט זיך ניט דערפון וואָס זיי זיינען געווען גרויסע גבורים און דעראָבערער, וואָס איז א יחוס ביי אַנדערע פעלקער, נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך דערגרונטעוועט צום יסוד פון דער אידישער אמונה און געלעבט לויט איהרע פרינציפען און פאָדערונגען. די מאָדערנע פאָרשער, אידישע און ניט אידישע, פון דעם אידישען אלטערטום מעגען באטראכטען די תקופה פון די אידישע אבות פאר א לעגענדארישער. זיי מעגען דענקען, אז די שילדערונגען פון דעם לעבען און דענקען פון די אבות זיינען ניט מער ווי אפשפיגלונגען פון די רעליגיעזע פאָדערונגען און דערפארונגען וואָס די שפעטערדיגע אידישע דורות האָבען געהאט, די דורות ביי וועמען רעליגיע איז שוין געוואָרען דער תוך און זין פון זייער לעבען. דער פאקט גופא אבער, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט די שיינקייט און חשיבות פון זיינע אבות געזעהן אין רעליגיעזען דענקען און לעבען — דער דאָזיגער פאקט איז א

גענוגענדער ראיה, אז דאָס אידישע פאָלק האָט געזעהן דעם אנפאנג און זין פון זיין געשיכטע — אין רעליגיע.

דאָס איז געזאָגט, ווען מיר נעמען אן די מיינונג פון יענע פאָרשער אלס אן אבסאָלוטען אמת. עס איז אבער א פראַגע: אויף וועלכען יסוד זאָלען מיר דאָס טאָן? פאר וואָס קאָן ניט זיין ריכטיג און לאָגיש דער געדאַנק, אז אין א געוויסער תקופה פון דער אוראלטער אידישער געשיכטע האָבען זיך באוויזען יחידים און גרופען, רופט זיי אברהם יצחק און יעקב און דערנאָך — משה און זיין שבט, די לוויים, וואָס האָבען זיך דערגרונטעוועט צום תוך פון דער אידישע רעליגיע, און אז די ווייטערדיגע אידישע געשיכטע אין איהר גייסטיג־קולטור־רעלען אינהאלט איז א רעזולטאט און א פארצווייגונג פון דעם דאָזיגען ערשטען גרונט תוך? *)

פאר וואס זאָל אונז ניט דערלויבט ווערען צו דענקען, אז אין א געוויסער פעריאדע פון דעם אידישען אלטערטום איז פארגעקומען אן איבערגאַנג, א פלוצלומדיגער אדער א גראַ־דועלער, פון א „תרח־תקופה” צו אן „אברהם־תקופה”, און אז די אידישע געשיכטע הויבט זיך אָן מיט דער אברהם תקופה?

נאָר וואָס איז די נפקא מינה? איינער קאָן אָננעמען, אז די „תרח־תקופה” האָט זיך געצויגען נאָך עטליכע הונדערט יאָהר, און די אידישע רעליגיע איז ערשט געשאַפען געוואָרען דורך די נביאים, ווי די מאָדערנע פארשער ווילען האָבען. א צווייטער קאָן דענקען, אז די נביאים אליין זיינען א פראָדוקט

*) א זעהר באַלערענדע אפהאַנדלונג וועגען דעם ענין וועט דער העברעאישער לייענער געפינען אין „תולדות האמונה הישראלית” פון דר. יחזקאל קויפמאַן, ערשטער באנד, ערשטער ספר.

פון די רעליגיעזע געדאַנקען און דערפאַרונגען וואָס האָבען זיך שוין אָנגעזאַמעלט ביים אידישען פאָלק הונדערטער יאָהרען פריהער (און ד'ער צווייטער געדאַנק, לאָמיר דא זאָגען דרך אגב, ווערט אלץ מער באַפעסטיגט דורך די וואָס באַווייזען די שוואַכקייט פון דער „ביבעל קריטיק"). אזוי צו אזוי, שאַרף און בולט טרעט פאַר אונז ארויס דער פאַקט, אז אין דער תקופה פון די נביאים און מלכים איז דער „סלע המחלוקת", דער שטרייט־פונקט, אין וועלכען עס האָבען זיך אָנגעשלאָגען די שטורמדיגע ליידענשאַפטען פון די פארשידענע פאָלק־שיכטען געווען — די רעליגיע.

אידישקייט אדער וועלטליכקייט; א „עם לבדד ישכן" — א פאָלק וואָס איז אנדערש פון אנדערע פעלקער, אדער א „ככל הגויים" פאָלק? די רעליגיע פון די אבות, פון משה רבנו, פון בארג סיני — אדער געצענדינערייי און אלעס וואָס דאָס טראָגט מיט זיך? אָט ארום די דאָזיגע פראַגען האָט גע־פלאַקערט דער קאמף פון אליהו הנביא געגען אחאב און איזבל. ארום זיי האָבען די נביאים ארויסגעשאַלט זייערע לייי־דענשאַפטליכע שטראף־רייד פאר הונדערטער יאָהרען און די דאָזיגע פראַגען האָבען געבילדעט מיט זיך דעם קוואל פון דאָס הייליגע און נשמה'דיגע וואָס מיר געפינען אין תנ"ך.

עס איז דאָ דערמאנט געוואָרען „וועלטליכקייט". איז די תורה און זיינען די נביאים געווען געגען דער וועלטליכקייט וואָס דריקט זיך אויס אין ערדיש־נאַציאָנאלע ווערטען? זיי־נען זיי געווען געגען לאנד און פּאָליטישער זעלבסטשטענדיג־קייט און א געזונט ווירטשאפטליך לעבען? געוויס ניט. זיי זיי־נען אבער געווען געגען דער וועלטליכקייט אין שייכות מיט

גייסטיגע ווערטען. געגען דער וועלטליכקייט וואָס זעהט דעם תכלית און זין פון לעבען אין „קערפער", אין „מאטעריע", אין דער פאַרערונג פון פיזישער ברוטאלער גבורה, וואָס פירט צו קאמף צווישען מענש און מענש און צווישען אומה און אומה. געגען דער וועלטליכקייט וואָס רייסט אויס פון דער מענשליכער נשמה אמת, גייסטיגקייט און צניעות און דער־ציהט איהר אויף שקר און רשעות און קריינקליכע תאוות.

און זאָל דאָ ווידער באַטאָנט ווערען: עס איז קיין אונטער שייד ניט, צי די נביאים זיינען געווען די באַשעפער פון דער אידישער אמונה, צי זיי האָבען פארטיפט און באריכערט דאס וואָס דאָס פאָלק האָט שוין געהאַט בירושה פון די פריהערדיגע דורות. וויכטיג איז דער אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אז ביי קיין פאָלק האָט רעליגיע ניט געשפילט אזא ראָליע ווי ביים אידישען פאָלק. און דאָס איז געשעהן ביי די סאַמע ערשטע עפּאָכען פון זיין געשיכטע.

נאָך קלאָרער ווערט פאר אונז דער פאַקט ביים אנפאַנג פון דער בית שני תקופה, אין די יאָהרען פון עזרא און נחמיה. פון יענע יאָהרען אָן און ווייטער, איז שוין מער ניט צו באַ־מערקען ביים אידישען פאָלק די „פסיחה על שתי הסעיפים", די וואקלעניש אהין און אהער, צווישען „אלהים" און „בעל", צווישען אידישקייט און ניט־אידישקייט. פון יענע יאָהרען אָן ווערט די אידישע רעליגיע דער איינציגער קוואַל פון איד־דישען דענקען און לעבען. די אידישע רעליגיע ווערט אזוי געקרעפטיגט און איינגעוואָרצעלט, אז זי איז שוין בכח צו קעמפען, פארטיידיגענד און אָנגרייפענד, געגען איהרע מעכ־טיגסטע שונאים און זיי — באזיגען.

דאָס לערנען מיר פון א שפּעטערדיגער תקופה. עס אנט־שטייט ווידער א באוועגונג פון „וועלטליכקייט" — דער „הע־לעניזם". די דאזיגע אינווייניגסטע באוועגונג ווערט געשטיצט פון אן אויסענווייניגסטען שונא, פון אנטיוכס עפּיפאנעס. ווייסען מיר, אז דאָס קליינע, שלום־ליבענדע און טויבען־שטילע אידישע פאָלק ווערט פארוואנדעלט אין א מחנה פון אומדערשראָקענע גבורים און אונטער דער פירערשאפט פון די קנאות׳דיג־רעליגיעזע חשמונאים צושמעטערט ער, דאָס אידישע פאָלק, זיין גרויסען ברוטאלען שונא, און צוזאמען מיט דעם פארניכטעט ער די וועלטליך־העלעניסטישע באוועגונג.

אונזערע וועלטליכע אידען באטראכטען דעם חשמונאים־קאמף פאר א ריין וועלטליכען, א קאמף פאר עפּעס א „נא־ציאנאלער קולטור", וועגען וועלכער די דאזיגע אידען האַל־טען אין ריידען אזוי סתם׳דיג און פארשטעלט. דאָס איז אָבער א פעלשעווען, בשוגג אדער במזיד, פון דער אידישער געשיכ־טע. ניט פאר לאַנד און שפּראַך און סתם „קולטור" האָבען די השמונאים געקעמפט, און אויך ניט פאר נאציאָנאלען כבוד, נאר פאר תורה און רעליגיע און פאר די אלמענשליכע אמת׳ן און ווערטען, ווי זיי זיינען געלערענט געוואָרען פון די נביאים, פון עזרא און נחמיה און פון די „אנשי כנסת הגדולה".

אידישקייט אלס א וועלט־אנשויאונג און לעבענסשטייגער אין געגענזאַץ צו העלעניזם אלס א וועלט־אנשויאונג און לעבענסשטייגער — דאָס איז געווען דער מאָטיוו און זין פון דעם חשמונאים־קאַמף.

אָבער ניט נאר דער חשמונאים־קאמף איז געווען א רע־ליגיעזער. אויך דער קנאים־קאַמף געגען די רוימער וואָס

האָט אויסערליך אויסגעזעהן ווי א ריין נאציאָנאל־פּאָליטי־שער קאמף — האָט טיף פארבאָרגען אין זיך דעם רעליגיעזען מאָטיוו. דאָס איז געווען א קאמף געגען דער „מלכות הרשעה״, געגען דער פיזישער ברוטאלער מאכט וואָס „אדום״ (רוים) האָט מיט זיך פארקערפּערט. און געפיהרט איז געוואָרען דער קאַמף אינ׳ם נאָמען פון דעם אוניווערסאַלען משיח־אידעאל, פאר „תקון עולם במלכות שדי״ (דאָס אויסלייזען פון דער וועלט דורך גאָט׳ס הערשאפט). און דער דאָזיגער אידעאל האָט געדינט אלס קוואל פון דער ברענענדער קנאות פון די אידישע קעמפער און זייער איבערמענשליכער גבורה.

און אזוי זעהען מיר, אז די אידישע רעליגיע איז געוואָרען דער לייטענדער מאָטיוו אינ׳ם לעבען און דיינקען פון דעם אידישען פאָלק פון סאַמע אָנפאַנג פון זיין געשיכטע, און באַזונדערס זינט ער איז געקומען אין נאָהענטען קאָנטאַקט מיט דער באבילאָניש־פּערסיש־גריכיש־רוימישער וועלט.

און וואָס פאר א פּלאַץ פארנעמט די רעליגיע נאָכדעם ווי דאָס אידישע פאָלק הויבט אן זיין לאַנגען גלות לעבען?

דאָס איז גוט באוואוסט. עס בלייבט ביי איהם איין אייגענטום — זיין תורה. און דאָס קאָן קיין מאַכט, קיין שונא פון איהם ניט אוועקרויבען. ער לעבט מיט דער תורה און לעבט פאר איהר. ער ליידעט און שטאַרבט פאר איהר. ער באַטראַכט איהר פאר דאָס טייערסטע און הייליגסטע אין לעבען. טייערער און הייליגער פון לעבען. און זי, די תורה, איז מגדל דור־דורות — ניט פון גבורים, נאר פון קדושים און און טהורים.

דאָס איז די אידישע געשיכטע און דאָס איז איהר זין.

באַקומענדיג אזא באגריף פון דער אידישער געשיכטע איז נויטיג צו פרעגען: אין וואָס באַשטייט דער מהות, די וועזענטליכקייט פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט, און וואָס האָט איהר געגעבען דעם כח צו ווערען דער דאָמינירענדער פאַקטאָר אין דעם דיינקען און לעבען פון דעם אידישען פאָלק דורך זיין גאַנצער געשיכטע?

די דאָזיגע צוויי פראַגען זיינען פון אויסער געוויינליכער וויכטיגקייט ביי דער איצטיגער צייט, ווען די וועלטליכע אידישקייט אין איהרע פאַרשידענע פאָרמען פרעטענדירט אויף דער רעכט צו פארנעמען דעם פּלאַץ פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט און גלויבט אויך אז איהר וועט דאָס געלונגען.

3

מיר האָבען בערג מיט חקירות און פּלפּולים וועגען דעם מהות פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט. עס רעדען און שרייבען וועגען איהר הן איהרע פריינד, הן איהרע געגנער. איך גלויב אבער, אז דער וואָס איז באקאנט מיט איהר דורך איהרע אייגענע מקורות און איז מסוגל נאָכדיינקען וועגען דעם וואָס איהם איז באקאנט — וועט ניט האָבען קיין באזונדער שוועריגקייט זיך ארויסזאָגען וועגען איהר, און דאָס וואָס ער וועט זאָגען וועט זיין קרוב לאמת.

די תורה־רעליגיע אידישקייט איז א וועלט אנשויאונג און א שלחן ערוך, א לעבענסשטייגער. דאָס צווייטע איז אין פולען אנקלאנג מיט דאָס ערשטע און א רעזולטאַט, דירעקט און אומדירעקט, פון איהר.

אלס א וועלט אנשויאונג, א פילאָזאָפיע, באַשטייט די דאָ־

זיגע אידישקייט פון געוויסע געדאַנקען וועגען גאָט און וועלט, וועגען גוף און נשמה, וועגען לעבען און טויט, וועגען תכלית פון לעבען און זין פון לעבען, וועגען דעם מענשען אלס יחיד און אלס א מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, וועגען מדות און מעשים און וועגען „יצר טוב" און „יצר הרע", מיט דעם גאַנ־צען קאָמפּלעקס וואָס די דאָזיגע צוויי באגריפען אַנטהאַלטען. דערצו פאַרמאָגט די אידישע פילאָזאָפיע באַשטימטע אידעען און אידעאַלען אין שייכות צו דער מענשליכער געשיכטע און באַזונדערס אין שייכות צו דעם גורל און ראָלע פונ׳ם אידי־שען פאָלק.

קורץ, אינ׳ם היקף פון דער אידיש־רעליגיעזער פילאָזאָ־פיע גייט אריין אלעס וויכטיגעס וואָס באַאומרוהיגט דעם מענשענס געדאַנק און נשמה. באזונדערס אבער — דאָס וואָס מיר האַלטען פאר דאָס וויכטיגסטע: דער מענש. די אידישע רעליגיע באַטראַכט דעם מענשען פאר דעם „נזר הבריאה" — די קרוין פון דעם קאָסמאָס. און דערפאַר שיינקט זי איהם דאָס טיפסטע פון איהר אויפמערקזאַמקייט און זאָרג.

די אידיש־רעליגיעזע פילאָזאָפיע קומט צו איהר אויס־דרוק דורכ׳ן תנ"ך, די צוויי תלמודים (תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי), די פילע פארשידענע מדרש־ספרים, די מיטעלאל־טערליכע פילאָזאָפישע ליטעראטור, מוסר און דרוש ליטערא־טור (דרוש און מדרש זיינען צוויי באזונדערע זאכען), די קבלה, און לעצטענס — חסידות.

מיינען מיינט דאָס, אז אין א משך פון דריי־און־א־האַלב טויזענד יאָהר בערך האָט זיך געהאלטען אין איין וועבען דער אידישער געדאַנק.

צי דער דאָזיגער געדאַנק איז אין זיין אורשפּרונג, אין זיין עמבריאָ, א מתנה פון גאָט, ווי די אידישע רעליגיע גופא נעמט אָן; צי איז ער א פּראָדוקט פון א ספּעציעלער אידישער ראַסען־אייגענשאַפט, אויב מיר ווייסען וואָס דאָס מיינט; צי איז ער אנטשטאַנען און זיך דערנאָך אַנטוויקעלט א דאנק גע־וויסע „תנאים״, אומשטענדען הייסט דאָס, געאָגראַפישע און פּאָליטישע, און דורך געוויסע לעבענס־דערפאַרונגען — דאָס איז א חקירה פאַר די וואָס באַטראַכטען זיך פאַר וויסענ־שאַפטליכע פאָרשער. וויכטיג איז דאָ דער פאַקט, אויף וועל־כען עס איז שוין דאָ אָנגעוויזען געוואָרען, אז ביי קיין פאָלק האָט זיך זיין גייסטיגקייט ניט אזוי אויסגעדריקט און קאָנ־צענטרירט אין און ארום זיין רעליגיע ווי ביים אידישען פאָלק.

עס איז אמת. דער אידיש־רעליגיעזער געדאנק איז ניט אין גאַנצען אויסגעהאַלטען. מיר געפינען סתירות ניט נאר צווישען פסוקים און אויסדרוקען, ווי, א שטייגער, דאָ ווערט גאָט באַצייכענט אלס א „אל קנוא ונוקם״ און דאָרט א „אל רחום וחנון״, דאָ א „איש מלחמה״ און דאָרט א „אוהב שלום״, סתירות וואָס קענען לייכט פארענטפערט ווערען — מיר גע־פינען אויך סתירות וואָס לאָזען זיך ניט אזוי לייכט אויסגע־גליכען ווערען. מיר האָבען, למשל, א צאָל דינים וועגען די קלענסטע פרטים אינ׳ם ענין פון קרבנות, און דאָ און דאָרט ווערט אנגעפירט א ביטערער קאמף געגען דעם עצם קולט פון קרבנות. אין א געוויסער תקופה אנטשטייען ביי אידען גרופּען און סעקטען, ווי די צדוקים, פרושים און אסיים, וואָס האַלטען אין איין זיך אַמפּערען אין שייכות צו דער אויסטיי־

פון די אדער יענע רעליגיעז־פרינציפּען און אויפפאָדערונגען, טשונג פון די אדער יענע רעליגיעזע פרינציפּען און אויפ־פאָדערונגען, און די דאָזיגע מחלוקת׳ן פיהרען אָפטמאָל צו בלוט פארגיסונגען.

דאָס איז אמת. עס איז אבער אויך אמת, אז די דאזיגע סתירות און מחלוקת׳ן באציהען זיך מערסטען אויף געוויסע פּרטים פון דעם רעליגיעזען געדאנק. לאז זיין אמאל אויף וויכטיגע פּרטים, אָבער ניט אויף כּללים, ניט אויף די צענט־ראַלע געדאַנקען פון דער אידישער רעליגיע. דאָס איז אָבער ניט דער עיקר. דער עיקר איז, וואָס ארום א הונדערט יאָהר בערך פאר׳ן חורבן בית שני ווערען אין דעם פאָלק באַפעס־טיגט דער געדאַנקען גאַנג און לעבענסשטייגער פון די פּרו־שים, און די ווייטערדיגע אנטוויקלונג פון דער אידישער רע־ליגיע איז ניט מער ווי א פארטייטשונג און א פארטיפונג און א פאַרצווייגונג פון די גרונט־געדאַנקען פון די פּרושים. אַוודאי אנטשטייען אויך שפּעטער מחלוקת׳ן צווישען פאַרשי־דענע צדדים, יחידים און גרופּען. מיר האָבען די מחלוקת׳ן פון בית שמאי און בית הלל, פון רבי מאיר און רבי יהודה, פון רב און שמואל, פון אביי און רבא און נאָך און נאָך. דאָס זיינען אבער מחלוקת׳ן ניט וועגען די עצם־אידעען און פּרינ־ציפּען פון אידישקייט, נאָר אין באצוג צו די אויסטייטשונגען פון זיי און אויך אין באצוג צו די אופנים פון זייער אנווענדונג אלס דינים און מנהגים אין דער פּראַקטיק. אזעלכע מחלוקת׳ן הייסען „מחלוקת לשם שמים״, און עס ווערט געזאָגט וועגען זיי אז — „אלה ואלה דברי אלהים חיים״ . . .

פּרטים און אופנים פון אנווענדונג — וועגען זיי קומען

פאר חלוקי־דעות, אָבער נישט וועגען כללים און עיקרים. עס איז ניטא, למשל, קיין פלאץ אין דעם אידיש־רעליגיעזען גע־דאַנק פאר אַטעאיזם. עס איז פארשטענדליך. אַטעאיזם איז דאָך א „כפירה בעיקר”, א אָפּלייקענונג פון דעם סאמע יסוד פון דער אידישער רעליגיע. עס איז אפילו ניטא קיין פלאץ פאר דער כפירה אין „השארות הנפש” — די אומשטערבליכ־קייט פון דער נשמה, כאָטש די דאָזיגע אמונה איז ניט אזוי קלאָר אויסגעשפּראָכען אין תנ"ך. די אידישע רעליגיע דער־לאָזט אויך ניט צו אָפּלייקענען, אז דאָס אידישע פאָלק איז א „עם סגולה”, א „אתה בחרתנו” פאָלק. עס ווערט אויך ניט דערלויבט די כפירה אינ'ם משיח־געדאנק, אין דער „אחרית־הימים” האָפנונג. דאָס זיינען אלץ צענטראלע אידעען אין דער אידישער רעליגיע. לייקענט איינער אין זיי קאָן ער ניט בא־טראַכט ווערען פאר א רעליגיעזען אידען. און דאָס מיינט, לויט דעם עכט־רעליגיעזען באגריף — ניט קיין איד. עס קע־נען זיין און עס זיינען דאָ פארשיידענע אויסטייטשונגען פון די דאָזיגע צענטראלע אידעען. די אויסטייטשונגען אבער שטיצען זיך אויף דער אידישער רעליגיע גופא. אויב אזוי גייען זיי אריין אין דער קאַטעגאָריע פון „מחלוקת לשם שמים” און פון — „אלה ואלה דברי אלהים חיים”, און עס איז ניטא קיין שוועריגקייט זיך שטיצען אויף דעם און ברייננגען ראיות פון דעם . . .

די אידישע רעליגיע איז א פילאָזאָפיע. זי איז אבער אויך, און אנדערע זאָגען אז דאָס איז דער עיקר, א לעבענס־שטייגער, א תורת־חיים. סיי פאר'ן יחיד, סיי פאר דער גע־זעלשאפט.

לויט דער אידישער אמונה, כאָטש עס איז ניט דאָגמאַ־
טיש פאָרמולירט, איז גאָט ניט קיין אַבסטראַקטער אויסגע־
טראַכטער באַגריף, נאָר א אביעקטיווע רעאלע עקזיסטענץ,
און אַ עקזיסטענץ וואָס איז אָהן אַ שיעור און אָהן אַן ערך
נאָהענט צום מענשען, נאָהענט צו זיינע אינטערעסען און נוי־
טען. אדער אנדערש גערעדט. גאָט איז דער סימבאָל פון צדק
און יושר, פון חסד און רחמים. אויב אזוי מוזען די דאזיגע
מדות זיין די הערשענדע אין די מענשליכע באציהונגען; אויב
אזוי דארף מען העלפען „דעם גר, דעם יתום, דער אלמנה";
דארף מען איינפיהרען פארמען פון הילף און סאָציאלען יושר
ווי לקט און שכחה און פאה און יובל און שמיטה; דארף מען
באַקעמפען יעדער פאָרמע פון רשעות און אכזריות, טיראַניי
און אונטערדריקונג; דארף נתן הנביא קומען צו דוד המלך
און ארויסדונערען: „אתה האיש"; דארף אחיה השילוני צו־
רייסען די אידישע מלוכה אויף צווייען, ווען שלמה המלך
גייט ניט „בדרך הישר"; דארף אליהו התשבי שליידערען אין
פנים אחאב'ן דעם „הרצחת וגם ירשת ?" קורץ, באלד אז גאָט
פון ישראל און פון דער גאַנצער וועלט איז דער מקור און
סימבאָל פון גערעכטיגקייט און רחמנות דאַרפען אלע נביאים
האַלטען אין איין שטורמען — „כה אמר ד' ". אבער ניט נאר
צדק און רחמים. גאָט איז דער מקור פון קדושה. דארפען
מענשען שטרעבען צו קדושה. „קדושים תהיו כי קדוש אני
ד' אלהיכם". און הייליגען דארפען מענשען זייערע מדות און
מעשים, זייערע מחשבות און צינגער. זיי דארפען אויך היי־
ליגען געוויסע טעג און וואָכען און חדשים און באשטימען
געוויסע פלעצער וואָס זאָלען זיין כולו קודש — א בית

המקדש, בתי כנסת, בתי מדרש, תלמוד תורה׳ס, ישיבות.

דער קדושה געדאנק — ער לאָזט זיך ניט דערקלערען, אבער ער ווערט פארשטאַנען און געפיהלט פון יעדער ערלי־כער, געזונטער מענשליכער נשמה. דער אידישער מענש באַזונדערס פיהלט איהם. ביים אידישען מענשען איז די תורה ניט אנדערש ווי „התורה הקדושה.״ דערפאר באציהט ער זיך צו איהר גאָר אנדערש ווי צו אנדערע למודים. ער ווייסט אז נאר דורך איהר ווערט ער שענער, נשמה׳דיגער, און דאָס מיינט — געהייליגט.

און שבת איז ביים אידען, ניט סתם א רוה־טאָג נאָר שבת קודש. ווייל שבת באפרייט פון דאָס געוויינליכע, דאָס וואָכעדיגע און גיט א „נשמה יתרה״ און דאָס מיינט — זיין געהייליגט.

און יום טוב הייסט „מקרא קודש״. ווייל יום טוב האָט ניט נאָר א נאַציאָנאַל־היסטאָרישען יסוד נאָר אויך א ריין פערזענליך־רעליגיעזען — זיך ארויס רייסען פון דער אל־טעגליכקייט און דאָס מיינט ווידער זיך הייליגען. און די „ימים נוראים״ זיינען באזונדערס הייליג, ווייל זיי זיינען טעג פון חשבון הנפש און מאקסימאלער גייסטיגקייט און קדושה.

אָבער ניט נאר געוויסע טעג ווערען באשטימט פאר קדושה. אין יעדען וויכטיגען אקט, אין יעדער האַנדלונג דארף אריינגעטראָגען ווערען עטוואָס פון דעם קדושה־מאָמענט. חתונה האָבען הייסט מקדש זיין, האָבען „חופה וקידושין״. און אפילו ווען דו טוסט די סאַמע געוויינליכסטע מצוה דארפסטו מאַכען א ברכה „אשר קדשנו במצוותיו.״

און דאָס אידישע פאָלק איז א „עם קדוש״. און ניט צוליב

עפעס א ראסען־יחוס. ווארום א ניט־איד וואס איז זיך מגייר ווערט באלד און גלייך א איד. נאָך מער. „חסידי אומות העולם (פיינע, ערליכע ניט אידען) האָבען אויך א חלק לעולם הבא". דאס אידישע פאָלק איז א הייליג פאָלק, ווייל ער איז געוועז דאָס ערשטע פאָלק וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו גייסטיגען דאָס לעבען, ארייננטראָגען געטליכ־קייט און זיניגקייט אין לעבען . . .

און באטראכטענדיג זיך אלס א „עם קדוש" האָט זיך דאָס אידישע פאָלק באַוואָפענט מיט כל המינים מצוות אום זיך דורך זיי לייטערען, אום ניט זינקען אין דער וואָכעדיג־קייט, און דאָס וואולגאַרע. די מצוות. דאָס זיינען די טויזענד און איינס סימבאָלען וואָס דריקען אויס מיט זיך די צענט־ראלע געדאַנקען פון דער אידישער רעליגיע, די טויזענט און איינס פארצווייגונגען וואָס נערען זיך פון די ערשטע ווארצ־לען פון תורה און קדושה, וועלכע זיינען אנטשטאנען גלייך מיט דער אנטשטייאונג פונ׳ם אידישען פאָלק.

און אלס א עם קדוש האָט דאָס אידישע פאָלק אויך באטראכט זיין לאנד אלס א „ארץ הקדושה" און זיין שפראך (העברעאיש) אלס „לשון קודש". און איינגעקריצט האָט זיך אין איהם דער געדאַנק, אז ער טאר ניט פארשוועכען זיין לאַנד און שפּראַך, אז ביידע טאָרען ניט זיין „ככל הגויים׳דיגע" לענדער און שפּראַכען . . .

און די מענשליכע פערזענליכקייט איז הייליג. ניט נאר טאָרסטו ניט פארגיסען מענשליך בלוט. טאָרסט אויך ניט מבייש זיין דעם מענשען, טאָרסט איהם אויך ניט „פארצאַ־פען קיין בלוט", לויט דעם פאלסק־אויסדרוק. ווייל דער מענש

איז באשאפען געוואָרען „בצלם אלהים״, ווייל ער איז הייליג.

דאָס איז די תורה־אידישקייט אלס פילאזאפיע און לע־בענסשטייגער אין א פּאָר אַלגעמיינע שטריכען, וואָס וועלען אין די קומענדע קאַפּיטלען גענויער געצייכענט ווערען.

4

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען איז שוין ממילא אן ענטפער אויף דער צווייטער פראגע: דורך וואָס איז די תורה־אידישקייט געוואָרען דער דאָמינירענדער כח אין דעם לעבען פונ׳ם אידישען פאָלק?

אחד העם און מיט איהם די משכילישע און וועלטליכע נאַציאָנאַליסטען ענטפערען אויף דער פראגע אויף זייער שטייגער: ווייל זי האָט געדינט אלס דער מיטעל פאר דער נאציאָנאַלער דערהאַלטונג פונ׳ם אידישען פאָלק אין די גלות עפּאָכען.

דאָס איז טיילוויז ריכטיג, אָבער ניט אין גאַנצען ריכ־טיג. די תורה אידישקייט איז ניט אנטשטאַנען אין די גלות־לענדער, וואו עס האָט געדראָהעט די סכנה פאר דער אידיש־נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. די תורה אידישקייט האָט זיך צו־בליהט אין איהר פולקייט אין ארץ ישראל נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען די גלות געשיכטע. דער גלות האָט, אמת, גורם געווען אז די תורה אידישקייט זאָל זיך באפעסטי־גען און מעהר דעטאַליזירט ווערען. צוליב גוט באוואוסטע סבות. זי איז אבער קיינמאָל ניט באטראַכט געוואָרען, כאָטש זי איז דאָס געווען, אלס א מיטעל פאר׳ן אידיש־נאציאָנאלען קיום. די תורה אידישקייט איז באטראכט געוואָרען בעיקר

אלס א ציל „אן און פאר זיך.” און דער דאָזיגער ציל איז גע־
ווען אזוי גרויס און חשוב ביים פאָלק, אז ער האָט זיך גע־
וואונשען, דאָס די תורה זאָל ניט פארבלייבען בלויז זיין איי־
גענטום, נאָר זאָל ווערען דאָס אייגענטום פון דער גאַנצער
וועלט. דאָס איז דער גרויסער חלום, אז אלע פעלקער „זאָלען
גייך ביי דער ליכט פון גאָט”, און דער דאָזיגער חלום האָט
זעהר ווייניג אין זיך פון דעם מאָמענט פון נאציאָנאלער אי־
זאָלירטקייט און דערהאַלטונג . . .

די תורה אידישקייט איז געוואָרען דער דאמינירענדער
כח, ווייל דאָס פאָלק האָט אין איהר געזעהן א מתנה פון גאָט
און א סימן אז ער איז אן „אויסערגעווײלט פאָלק”. דאָס
דריקט אויס דער איד, ווען ער איז עולה לתורה, אין דער
ברכה „אשר בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו.” דאָס
איז איינס. דאָס פאָלק האָט אויך געפונען אין דער תורה נעה־
רענדע שפייז פאר זיין אַקטיווען און שעפערישען מוח און
פרייד און טרייסט און פארגעניגען פאר זייך געוויטאָגטער
נשמה. צו דעם דארף צוגעגעבען ווערען דער „סוחרישער”
מאָטיוו, אויב איהר ווילט דאָס אזוי רופען: דער איד האָט דורך
תורה לערנען און מצוות טאָן געוואָלט קריגען א „חלק לעולם
הבא.”

דאָס זיינען ריין פערזענליך־מענשליכע מאָטיווען און ניט
קיין נאציאָנאַלע. און אין זיי, געראדע אין זיי, איז געלעגען
דער כח פון דער תורה אידישקייט.

אונזערע וועלטליכע נאציאָנאליסטען זעהן „הימעל און
ערד” און נאַציאָנאַליזם. מיט דעם דערקלערען זיי די אידי־
שע גלות געשיכטע. אזא סאָרט דערקלערונג איז ריכטיג בלויז

מיט דעם, וואָס די תורה אידישקייט האָט אויף א ממילאדי־גען אופן געדינט אלס א שמירה־מיטעל פאר נאציאנאלער דערהאַלטונג. די דערקלערונג איז אבער לחלוטין פאַלש ווען זי נעמט אָן, אז די תורה אידישקייט איז לכתחלה און באַוואוסטזיניג געוואָרען אלס אזא שמירה־מיטעל.

ווען ראובן און שמעון און לוי א. ז. וו. האָבען דערוואר־בען און אָנגעהאַלטען איין בשותפות׳דיגען געדאנקען־גאנג און איין בשותפות׳דיגען לעבענסשטייגער האָבען זיי מיט זיך, נאַטירליך, געבילדעט א באשטימטע נאציאָנאלע איינהייט, און דורך זייער בשותפות׳דיגקייט איז דערהאַלטען געוואָרען זייער נאציאָנאלער קיום. ראובן און שמעון און לוי א. ז. וו. האָבען אבער קיינמאָל ניט געזאָגט איינער צום צווייטען: „קומט ברידער, לאָמיר לערנען תורה, היטען שבת און יום טוב, לייגען תפלין, בענטשען ציצית א. ז. וו. — כדי מיר זאָלען פארהיטען אונזער פאָלק פון נאַציאָנאַלען אונטער־גאַנג״. . .

און ניט נאָר האָבען זיי אזעלכעס ניט געזאָגט און גע־טראכט. אויך זייער אינסטינקט, וואָס האָט זיי דיקטירט צו לערנען תורה און טאָן מצוות האָט אין זיך ניט געהאַט פון דעם מיסטעריעזען „חוש הקיום״ מיט וועלכען אונזערע וועלט־ליכע נאַציאנאליסטען דערקלערען די אידישע געשיכטע. ניט קיין נאציאנאלער אינסטינקט איז דאָס געווען, נאר א אינדיווידועל־מענשליכער, און ער האט דאס געגעבען די תורה־אידישקייט איהר וואונדערבארען כח.

דער נאציאָנאַלער „חוש הקיום״. זאָל דאָ באַטאָנט ווערען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אז נאָר וועלטליך־נאַציאָנאלע אידען

וועלען זאגען איינער צום צווייטען: „קומט, ברידער, לאמיר עפענען א אידישע (אדער העברעאישע) שולע פאר אונזערע קינדער; לאמיר שאפען א אידישען (אדער העברעאישען) טעאטער; לאמיר גרינדען א „אידישע קולטור געזעלשאפט" (אדער א „הסתדרות עברית"); לאמיר פארשפרייטען דעם אידישען (אדער העברעאישען) בוך, א. א. וו. — כדי מיר זאלען דערמעגליכען די נאציאנאלע עקזיסטענץ פונ'ם אידישען פאָלק. אנדערש איז אבער מיט אידען וואָס לערנען תורה, פאסטען יום כפור, בענטשען אתרוג, א. א. וו. זיי טוען דאָס אלעס פאר זיך, און נאר פאר זיך. צוליב מאָטיווען פון א העכערען אדער נידעריגען כאראקטער. און אין דעם פער־זענליכען מאָטיוו איז געווען און איז נאָך ביז היינטיגען טאָג דער כח פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

ווארום וואלט די תורה־רעליגיע אידישקייט, פונקט ווי די וועלטליכע, זיך געדארפט שטיצען אויף דעם נאציאנאלען „חוש הקיום" — אזוי וואָלט איהר מאַכט און השפעה אויפ'ן אידישען פאלק געווען פון דעם זעלבען סארט און דער זעלבער מאס ווי פון דער צווייטער, די „קולטור" אדער „תרבות" אידישקייט. אין אזא פאל איז א גרויסע פראגע, צי עס וואָלט נאך פארבליבען איין איד וואס זאל פראקטעצירען די תורה אידישקייט אדער וועלטליכע אידישקייט, אדער אפילו קלערען און דאגה'ן פאר דער ערשטער אדער צווייטער . . .

ביי דער איצטיגער צייט טרעטען מיר אריין אין א תקופה פון דער אידישער געשיכטע, ווען די וועלטליכע אידישקייט פארניינט, לייקענט אפּ אי די חשיבות פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט, אי די מעגליכקייט פאר איהר. זיינען מיר באַ־

רעכטיגט צו פרעגען: וואס אזוינס באזיצט די וועלטליכע אידישקייט וואס מאכט איהר ראוי און ווירדיג צו פארנעמען דעם פלאץ פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט? גענויער גערעדט—וואס פאר א זין און חשיבות טראגט זי אריין אין דעם פערזענליכען לעבען פון דעם אידישען יחיד, און וואס פאר א זין און חשיבות טראגט זי אריין אין דעם נאציאנאלען לעבען פון דעם אידישען פאלק, כדי מיר זאלען האבען דעם רצון איהר אוועקשטעלען אלס יסוד פון אונזער דיינקען און לעבען, און אויך האבען די אמונה אין איהר מעגליכקייט צו ווערען דער יסוד?

אבער איידער מיר ווערען זיך דערשלאגען צו אן ענטפער אויף דער דאזיגער פראגע לאמיר זיך גענויער באקאנען מיט די פארשידענע פאָרמען פון דער וועלטליכער אידישקייט.

## צווייטער קאפיטאל

### .1

די וועלטליכע אידישקייט דריקט זיך אויס אין פיר (4) פארשידענע פארמען אדער „איזמען". די איזמען קענען ווידער איינגעטיילט ווערען אין צוויי גרופען.

די ערשטע גרופע באַשטייט פון די „איזמען", וואָס האבען זיך געשטעלט די אויפגאבע צו ענטפערען אויף דער אידישער פראבלעם אין איהר גאנצען היקף, דאס הייסט, וואס נעמען זיך אונטער צו לייזען אי די אידען־פראגע, אי די אידישקייט־פראגע. די דאזיגע איזמען זיינען: קאמוניזם און ציוניזם. די צווייטע גרופע זיינען די איזמען וועמעס היקף איז א באגרענעצטער. זיי באצוועקען צו לייזען בלויז די אידישקייט פראגע, די פראגע פון דער נאציאנאל־קולטורעלער עקזיסטענץ פונ'ם אידישען פאָלק. די דאָזיגע איזמען זיינען: אידישיזם און העברעאיזם.

די גרופירונג קאָן אפשר אויסקוקען אן אויסגעטראכטע, א געקינסטעלטע. באמת אבער שטימט זי מיט דער ווירקליכקייט. און ניט נאר דאס. די דאזיגע איזמען שליסען אין זיך איין יעדען סארט פארצווייגונג און שאטירונג פון דער וועלט־

ליכער אידישקייט וואָס מיר האָבען געהאַט די לעצטע עטליכע צענדליג יאָהר און האָבען איצט.

נאר איידער דער ענין וועט געענוי באהאנדעלט ווערען, איז נויטיג צו מאכען א פאר ספעציעלע באמערקונגען בנוגע קאמוניזם און ציוניזם.

קאָמוניזם ווערט דאָ דערמאָנט אלס א פאָרמע פון דער וועלטליכער אידישקייט און ניט „סאָציאליזם", כאָטש דאָס צווייטע איז אויך איינע פון די פארמען, און דערצו נאך איז דער סאציאליזם אין זיין פראקטישער פאזע, געשיכטליך עלטער פון דעם קאָמוניזם — ווייל נאָר דער קאָמוניזם, ווי ער ווערט אויסגעטייטשט און פראָקטיצירט אין סאָוועט רוסלאנד, איז אויסגעשפראָכען און קלאָר וועגען אידען און אידישקייט. דער סאָציאליזם אבער, סיי דער וואָס האָט עק־זיסטירט פאר'ן קאָמוניזם, סיי דער איצטיגער, איז וועגען דעם אידישען ענין ניט קלאָר געענוג. אויסער דעם ווערען די ענט־פערס פונ'ם קאָמוניזם אויף די אידען־און אידישקייט פראגען שוין פראקטיצירט אין סאָוועט רוסלאנד, בעת אז די ענטפערס פון דעם סאָציאליזם, אויב אזעלכע זיינען בנמצא, זיינען ניט מער ווי טעאריעס — אין דער בחינה פון „הלכתא למשיחא"...

דער ציוניזם ווערט דא באהאנדעלט אלס א פארמע פון דער וועלטליכער אידישקייט, כאטש ביי געוויסע לייענער, ציוניסטען און ניט ציוניסטען, וועט דאָס ארויסרופען פאר־וואונדערונג: „אַ היתכן? ציוניזם אַ פאָרמע פון וועלטליכער אידישקייט? רופט דאָך דער ציוניזם צו „תחית היהדות" (די אויפלעבונג פון יודענטום) און באנוצט זיך מיט פסוקים און תפלות פון דעם סאָרט ווי „ותחזינה עינינו בשובך לציון".

עס קאן אויך זיין, אז געוויסע לייענער, ציוניסטען, וועלען ווערען שטאַרק ברוגז, וואס „קאָמוניזם" און „ציוניזם" ווערען דאָ ארויסגעזאָגט אין איין אָטעם, אָן א „להבדיל" צווישען זיי, און די דאזיגע לייענער, גיב איך צו, וועלען אפשר זיין גערעכט. דאך ווערט דא דער ציוניזם באטראכט אלס א פארמע פון דער וועלטליכער אידישקייט. עס וועלען דא שפעטער אנגעגעבען ווערען די טעמים דערפאר, און איך האף אז זיי וועלען אנערקענט ווערען פאר ריכטיגע.

און איצט צום עצם ענין.

מיר וועלען אָנפאַנגען מיט'ן קאָמוניזם.

צווישען די פארשידענע איזמען איז דער קאמוניזם דער נעגאטיווסטער צו דער תורה־רעליגיע אידישקייט. די ביטערע געגנערשאפט פונ'ם קאָמוניזם צו רעליגיע בכלל איז איינער פון די הויפט עלעמענטען פון דער קאמוניסטישער אידעאלאגיע. די סבות זיינען באוואוסט צו די וואס זיינען באקאנט מיט'ן ענין. באזונדערס פארביטערט איז דער אידישער קאמוניזם צו דער אידישער רעליגיע. די פארביטערקייט איז כמעט א פאַטאָלאָגישע. און עס איז ניט שווער צו געפינען די סבות דערפאר: עס האט צו טאן מיט דער אויסערגעוויילכער אינטענסיוויטעט מיט וועלכער אידען צייכענען זיך אויס אין זייערע עמאציעס פון ליבע און שנאה. דאס איז אפשר א ראסען־אייגענשאפט וואס דריקט זיך נאך אויס אינ'ם אלטען־אלטען פסוק — „בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך". עס איז אויך מעגליך, אז די ביטערקייט איז א רעאקציע צו דער עקסטרעמיטעט, צו דער גרינטליכקייט און גענויאיגקייט פון דער אידישער רעליגיע. און אפשר איז דאס

גאר אן אויסדרוק פון דעם טיף פארבארגענעם, אומבאוואוסט־זיניגען אבער לײדענשאפטליכען אסימילאציאנס־וואונש. דאס איז דער וואונש וואס טליעט אפילו ביי אידען, וואָס האָבען שוין לאנג פארווארפען דעם אסימילאציאָנס־געדאנק. מיט דעם דאזיגען פארבארגענעם וואונש קאן טיילוויז דערקלערט ווע־רען די ברענענדע שנאה פון דעם אידישען קאמוניזם צום העברעאיזם און צום ציוניזם אין אלע זיינע פארצווייגונגען. ווייל ווי וועלטליך דער העברעאיזם און ציוניזם זאלען ניט זיין זיינען זיי דאך פארט א זכר פון דער טויזענטער־יעריגער אידישער רעליגיעזער פארגאנגענהייט...

דער קאמוניזם איז אבער ניט נאר נעגאטיוו. ער פאר־מאגט אויך א פאזיטיווען עלעמענט. ער ענטפערט אויף זיין שטייגער אויף דער אידען פראגע און אויך אויף דער אידיש־קייט־פראגע, אויף דער פראגע פון „קיום האומה.״

דער קאמוניזם איז גאנץ קלאר וועגען ביידע:

די אידען־פראגע. זי קאן און וועט געלייזט ווערען דורך דער אפשאפונג פונ׳ם קאפיטאליזם און דעם איינפיהר פון קאמוניזם. דורך דעם וועט פארשווינדען דער אנטיסעמיטיזם, ווייל ער איז (לויט דער קאמוניסטישער אידעאלאגיע) א פראדוקט פון דעם קאפיטאליזם. דער אנטיסעמיטיזם וועט פארשווינדען אויף א נאטירליכען, א ממילא׳דיגען אופן, און אויך דורך א דירעקטען, בידים׳דיגען און אומברחמנות׳דיגען קאמף געגען איהם. וואס איז שייך די באזונדערע עקאנאמישע איבלען וואס פלאגען דעם אידישען פאלק—וועלען זיי דאך געוויס אפגעשאפט ווערען. און א קאמוניסטישער געזעלשאפט וועט דאס אידישע פאלק, ריכטיגער—דער אידישער פרא־

לעטאריאט עקאנאמיש אַריינגעגלידערט ווערען אין׳ם אל־וועלטליכען פּראלעטאריאט און—א סוף צו די אידישע עקאנאמישע צרות.

די אידישקייט פראגע. בנוגע צו דעם האט די קאמוניסטישע פלאטפאָרם א בפירוש׳ן פונקט. דאָס איז—נאציאנאל־קולטורעלע זעלבסטבאשטימונג פאר יעדער נאציאנאליטעט און ממילא פאר דער אידישער נאציאנאליטעט.

דאס איז דער ענטפער פונ׳ם קאמוניזם, און ער איז שוין ניט מער קיין טעאריע, סאוועט רוסלאנד האט איהם שוין רעאליזירט. פאר אלע נאציאנאליטעטען און פאר דער אידישער. אידישקייט מיינט די אידישע שפראך און די וועלטליך־אידישע (אויפ׳ן קאמוניסטישען לשון הייסט דאס „די פּראלעטאריש־אידישע״) קולטור און אלע איהרע פארצווייגונגען. דאס איז דערציהונג און בילדונג, ליטעראטור, טעאטער, מוזיק, אנדערע צווייגען פון קונסט און אפילו „חכמת ישראל״—אידישע וויסענשאפט, הייסט דאס. אט די דאזיגע קולטור ווערט דערמוטיגט און אויך געשטיצט אויף אן אמת׳ן מלוכה פארנעם. און ועל כולם—באמיהט זיך די סאָוועט רעגירונג צו שאפען דעם גינסטיגסטען תנאי פאר דער דערהאלטונג און אנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור. דער תנאי איז—א ספעציעלע אידישע טעריטאריע. דאס איז—בירא בידזשאן.

באריגערענדיג דעם פונקט פון דער קאָמוניסטישער „אידישקייט״ זיינען מיר בארעכטיגט צו פרעגען, צי די אידישע קאָמוניסטען זיינען באמת פאראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פונ׳ם אידישען פאָלק, זאָל זיין אן עקזיסטענץ ווי זיי פארשטייען, אדער זייער באמיהונג צו דערהאלטען די אידישע

עקזיסטענץ דורך זייער אידישער קולטור, — איז ניט מער ווי א וואונש צו דערפילען א געוויסען זייטיגען פארטיי חוב — צו דורכפירען א געוויסען „סעיף" אינ'ם קאמוניסטישען שלחן ערוך?

די נפקא מינה איז א גרויסע. אויב דער וואונש פאר קיום האומה, אדער קיום פונ'ם אידישן פראָלעטאריאַט איז עכט און אונמיטעלבאר; אויב דער דאזיגער וואונש איז אזוי טיף ווי דער וואונש פאר'ן עצם קאמוניזם—איז דא א גרונט צו גלויבען, אז עס וועט געמאכט ווערען די גרעסטע אנשטרייג־גונג צו רעאליזירען די קאמוניסטישע „אידישקייט" פראגראם, נישט אפשטעלענדיג זיך פאר קיינע שוועריגקייטען, פאר די שוועריגקייטען וועגען וועלכע עס וועט דא גערעדט ווערען אויף אנאנדער פלאץ. אויב אבער דער ענין פון קיום האומה איז ניט מער ווי א טפל, א צוטשעפעניש—אזוי מעגען מיר זיך דערלויבען צו דיינקען, אז ווען אפילו עס וועלען ניט זיין קיינע גרויסע שוועריגקייטען, וועט די באמיהונג פאר דער „אידישער" קולטור ווערען אלץ שוואכער, ביז זי וועט אין גאנצען פארשווינדען.

ווי די מעשה זאל אבער ניט זיין, דערוויייל שטעלט מיט זיך פאר דער קאָמוניזם א „איזם", וואָס האָט זיך אונטערגע־נומען צו לייזען די אידישע פראבלעם און איהר גאנצען היקף. נאטירליך, לעת עתה ווערט זי געלייזט אין רוסלאנד. מיט דער צייט אבער, ווען דער קאמוניזם, אלס א וועלט אידעאל־באוועגונג, וועט פארווירקליכט ווערען אין דער גאנצער וועלט, וועט דורך דעם אויך געלייזט ווערען די אידישע פראגע אין די לענדער, וואו זי נויטיגט זיך אין לייזונג.

איך גלויב אז די דאזיגע פאר ווערטער וועגען קאמוניזם אין שייכות מיט דער אידישער פראבלעם זיינען גענוג.

2.

מיר גייען אריבער צום ציוניזם.

נאך א סך פריהער ווי דער קאמוניזם האט דער ציוניזם פאר זיך געשטעלט די ריזיגע אויפגאבע צו לייזען די אידישע פראבלעם—די אידען־און־אידישקייט פראגע. דערביי מוז אנערקענט ווערען, אז אין דעם דאזיגען ענין איז דער ציוניזם פיל טיפער און ליידענשאפטליכער און עקשנות׳דיגער ווי דער קאמוניזם. דאס איז נאטירליך. ביים קאמוניזם איז די אידישע זאך ניט מער ווי א בייזאך, א פרט. דער ציוניזם איז כולו אידיש. ביי איהם איז דאס אידישע פאלק דער איינציגער תוך פון זיין אידעאלאגיע און טעטיגקייט.

דער ציוניזם אלס א מאדערנע אידישע באוועגונג (און דא רעדט זיך וועגען איהם בלויז אלס אזעלכע) האט שוין אונ־טער זיך א בערך לאנגע געשיכטע, ער האט שוין דורכגעמאכט פארשידענע שטופען פון אנטוויקלונג, און אין איהם האבען זיך צוזאמענגעשטויסען און עד היום שטויסען זיך צוזאמען פארשידענע מיינונגען און שאטירונגען. פון דעסטוועגען איז דא א מעגליכקייט איהם באהאנדלען מיט דער זיכערקייט און באשטימטקייט ווי מען באהאנדעלט א אידעאל־באוועגונג וואס איז שוין פולשטענדיג אויסגעקריסטאליזירט און פארפארטיגט.

דער תמצית פון ציוניזם לאזט זיך אויסדריקען אין איין זאך: מאַכען צוריק דאָס לאַנד וואָס הייסט „ארץ ישראל״, אדער

פאלעסטינא, פאר ארץ ישראל מיט אנאמת. דאָס מיינט—פאר דאָס אידישע לאנד.

ווי אזוי?—דורך באזעצען אין איהר מיליאָנען אידען און זיי פארזאָרגען מיט די פּאָליטישע און ווירטשאפטליכע באדינ־גונגען וואָס יעדער נאָרמאָל פאָלק פאַרמאָגט אין זיין אייגען לאנד.

דאס איז דער ציל פון דעם ציוניזם און דאס איז זיין אויפגאבע. עס אנטשטייט די פראגע: „מיליאנען אידען" — וויפיל מיליאנען? אויף דעם האט דער ציוניזם ניט קיין באשטימטען ענטפער, און ווי עס ווייזט אויס וועט נאך פאר פילע יאָהרען ניט געגעבען ווערען קיין ענטפער.

מיר האלטען איצט ביים חלוקה־פלאן וואס די ענגלישע רעגירונג וויל איינפירען לויט דער רעקאמענדאציע פון איהר „קעניגליכער קאמיסיע." די אידישע וועלט איז אויפגערוד־ערט אין שייכות צום פלאן. מיר האבען „יא זאגער" און „ביין זאָגער". מיר ווייסען נאָך ניט, צי דער פלאן וועט אָנגענומען ווערען צי ער וועט פארוואָרפען ווערען. די פראגע אבער וועגען דער צאל מיליאנען אידען אין ארץ ישראל, אין דער נאָהענטער אדער ווייטער צוקונפט איז ניט געענטפערט פון דער קאָמיסיע גופא, ניט פון די וואָס זיינען מסכים צום חלוקה־פלאן און ניט פון די וואָס זיינען געגען איהם.

עס דארף אבער אנערקענט ווערען פון יעדען וואס האט א שטיקעל חוש אין געשיכטע, אז די אונבאשטימטקייט אין שייכות מיט דעם צאל אידען אין ארץ ישראל קאָן אויף א האָר ניט פוגם זיין דעם געדאנק, אז דער ציוניזם האט און וועט האבען א רעוואלוציאנערע, אנטשידענע ווירקונג אויפ'ן גאנ־

צען געשיכטליכען לעבען פון דעם אידישען פאלק. דער עיקר שבעיקר אין ציוניזם איז דער גלויבען, אדער אפילו די איבער־ציגונג, אז ארץ ישראל וועט אריינגעמען און מפרנס זיין פיל פיל מער ווי איין מיליאן אידישע נפשות. און אויב זי קאן דאס ניט טאן איצט, וועט זי דאס טאן מיט יאהרען שפעטער.

מערסטע ציוניסטען גלויבען ווייטער, אז דורך ארץ ישראל וועט מיט דער צייט אויך ראדיקאל געענדערט ווערען דער עקאנאמישער צושטאנד פון די אידישע מאסען אין די לענדער, וואו די ענדערונג איז נויטיג. אנדערע גייען נאך ווייטער. זיי גלויבען, אז דורך ארץ ישראל וועט אפגעשאפט ווערען די אייביגע קללה וואס איז אויסגעגאסען אויפ׳ן אידישען פאלק— דער אנטיסעמיטיזם. נאך מער. עס וועט געהויבען ווערען דער אידישער כבוד און פרעסטיזש, פאליטיש און סאציאל, בפרט ווען מיר וועלען זיך דערשלאגען, איצט אדער שפעטער, צו אן אמת׳ער מדינה־מלוכה.

וועגען די דאזיגע גלויבענס וועט שפעטער גערעדט ווע־ר׳ען. דערווייל אבער איז גענוג צו באצייכענען דעם פאקט, אז סיי ציוניסטען און סיי ניט ציוניסטען הויבען אן צו אנער־קענען, אז דער ציוניזם האט איצט דערגרייכט דעם מאמענט אין זיין געשיכטע, ווען דער גרויסער חלום פון פינסקער און הרצל האלט ביים פארווירקליכט ווערען אויף אן אמת, ניט קוקענדיג אויף די געוואלטיגע שטערונגען וואס שטייען פאר איהם.

דאס איז בנוגע דער אידען־פראגע. וואס איז שייך דער אידישקייט־פראגע, די פראגע פון „קיום־האומה,״ איז דער ציוניזם שוין געווארען די ווירקליכע לייזונג. די פיר (4)

הונדערט טויזענט אידען אין ארץ ישראל פארמאגען זייער נאציאנאלע שפראך־קולטור, זייער אייגענעם סיסטעם פון דערציהונג און בילדונג, זייער אייגענעם לעבענסשטייגער אויף וועלכען די ארומיגע ניט אידישע סביבה האט קיין השפעה ניט. וואס נאך קאן זיין גינסטיגער פאר א נארמאלער אידיש־נאציאנאלער עקזיסטענץ?

דאס איז גערעדט וועגען דער געגענוואַרט, ווען דער ישוב ציילט בלויז פיר הונדערט טויזענט אידישע נפשות. וואס פאר א ווירקונג וועט ער האבען בנוגע צום נאציאנאלען קיום מיט יאהרען שפעטער, ווען ער וועט ציילען צוויי אדער מער מיליאנען, און ווען אנשטאט א „ישוב" וועט ער זיין א אידישע מדינה־מלוכה?

עס בלייבט נאָך די פראגע, צי איז דער ציוניזם ביכולת ענטפערען אויף דער פראבלעם פון קיום האומה אין די גלות לענדער. וועגען דעם זיינען דא חלוקי־דעות. אחד העם האט געדיינקט, אז אפילו א קליינער אידישער ישוב אין ארץ ישראל איז בכח צו דינען אלס א „מרכז רוחני" (א גייסטיגער צענטער) פאר דעם אלוועלטליכען אידענטום, א פשיטא שוין א מיליאניגער אידישער ישוב. אנדערע אבער (צווישען וועלכע דער העברעאישער דענקער דר. יעקב קלאצקין איז דער אויסגע־־שפראָכענסטער) דיינקען ניט אזוי. זיי האַלטען, אז דער גלות־אידענטום איז פאר'משפט צו נאציאנאלען אונטערגאנג. ווי די מעשה זאל ניט זיין בנוגע צום גלות־אידענטום, זיכער איז, אז ארץ ישראל גיט איהר אידענטום די פולסטע מעגליכקייטען פאר א געזונטען קולטור־נאציאנאלען לעבען.

דאָס אליין איז שוין א לייזונג פון דער פראגע פון קיום

האומה. ווייל נאציאנאלער קיום איז א זאך וואס האט ניט צו טאָן מיט כמות (צאָהל), נאר מיט איכות (קוואליטעט). איינער פון די קליינע סקאנדינאווישע פעלקער איז פונקט א פאלק ווי דאס רוסישע, ענגלישע, א. ז. וו. פאלק. דאס אידישע פאלק, דאריבער, אין ארץ ישראל, לעבענדיג פולשטענדיג אידיש־נאציאנאל וועט זיין דאס אידישע פאלק.

קורץ, דער ציוניזם ענטפערט אויף דער אידישקייט־פראגע. אין דעם קענען אלע מודה זיין. דער ציוניזם ברייננגט אלץ נעהענטער צו דער לייזונג פון דער אידען־פראגע. אין דעם גלויבען די מערסטע, אדער א באדייטענדער טייל ציוניסטען.

.3

עס איז ביי אונז פארבליבען די פראגע: פאר וואס זאל דער ציוניזם באטראכט ווערען פאר א פארמע פון דער וועלטליכער אידישקייט?

ווייל סיי אלס א אידעאלאגיע, סיי אלס באוועגונג און סיי אלס א ווירקליך לעבען אין דער מאדערנער ארץ ישראל (און דאס מאדערנע ארץ ישראל איז דאס כאראקטעריסטישע)— האט דער ציוניזם צוריסען מיט דער פילאזאפיע און לעבענס שטייגער פון תורה־רעליגיע אידישקייט.

די ציוניסטישע אידעאלאגיע. דער אחד העם׳יזם איז איינער פון איהרע דאמינירענדע עלעמענטען. און וואס איז דער הויפט טעארעטישער יסוד פון אחד העם׳יזם? אז דער ציוניזם קומט ראשית כל אויספילען דעם גרויסען חלל וואס די אידישע רעליגיע לאזט איבער נאך זיך מיט איהר אונטער־

גאנג. דער ציוניזם פילט אויס די פונקציע פון דער אידישער רעליגיע—דערמעגליכען די נאציאנאלע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאלק. אחד העם איז ניט געווען געגען דער אידישער רעליגיע. ריכטיגער געזאגט, זיין באציהונג צו איהר איז געווען גאר אנדערש ווי די באציהונג צו איהר מצד די אַמאָליגע משכילים און מצד די „אפיקורסים" פון אונזערע איצטיגע וועלטליך־ראדיקאלע קרייזען (דער ענין וועט דא נאך באריהרט ווערען). צוזאמען אבער מיט די אנדערע פאר־שטייער פון דער וועלטליכער אידישקייט איז ביי איהם גע־ווען איינגעקריצט די אמונה (וואס האָט איהם אפשר פארשא־פען טיפען צער), אז די צייט פון רעליגיע בכלל און ממילא אויך פון דער אידישער רעליגיע איז פאראיבער. זארגענדיג זיך פאר „קיום האומה" האט ער זיך דערשלאגען צום געדאנק פון דער נאציאָנאל־קולטורעלער „יהדות" (יודענטום). דאָס איז די אידישקייט וואס באשטייט פון וועלטליכען אינהאלט אין א אידישער, דאָס הייסט א העברעאישער פאָרמע. די דאזיגע יהדות וואס שטימט מיט'ן „צייט גייסט" איז ביכולת, לויט דעם אחד העם'יזם, צו פארנעמען דעם פלאץ פון דער שטארבענ־דער תורה־רעליגיע אידישקייט. איז אבער די צרה, אז דער „גלות" איז ניט גינסטיג אויך פאר דער דאזיגער יהדות. עס איז דאריבער נויטיג—ארץ ישראל. די דאזיגע יהדות וועט דורך ארץ ישראל ראטעווען זיך, און מיט זיך וועט זי אויך ראטעווען די „אומה", דאָס הייסט, איהר עקזיסטענץ איבער דער גאנצער וועלט.

דעם דאזיגען געדאנק האט אחד העם געפריידיגט אויף פארשידענע נוסחאות און ער, דער געדאנק, איז געווארען אן

ארגאנישער טייל פון דער ציוניסטישער אידעאלאגיע. פריהער אין „חבת ציון״ און דערנאָך אין דעם ציוניזם.

געוויס. דער ציוניזם באשטייט ניט בלויז פון אחד העם׳ס „יהדות״ עלעמענט. ער אנטהאלט אין זיך דעם פאליטיש־עקאנאמישען עלעמענט—דעם הערצעליזם. און דער הערצע־ליזם, צי מיר וועלען איהם געבען א „רעוויזיאניסטישען״ פירוש, צי מיר וועלען אין איהם ארייטראגען דעם תוך פון דעם סאציאליסטישען ציוניזם—דער הערצעליזם האָט ניט דירעקט צו טאָן מיט „יהדות.״ ער האט מער צו טאָן מיט „יהודים״— די רעאלע פאליטיש־עקאנאמישע נויטען פון די אידישע מאסען. עס איז אבער גוט באוואוסט, אז סיי דער רעוויזיאניסטישער, סיי דער ארבייטער, אדער סאציאליסטי־שער ציוניזם אונטערשיידען זיך ניט אין זייער קוק אויף „יהדות״ פון דעם וואָס עס האָט דער אחד העם׳יזם. דאָס מיינט, דער עקאנאמיש־פאליטישער ציונזים איז וועלטליך פונקט ווי דער אחד העם׳יזם. און אויב עס איז יאָ דאָ א אונטערשייד, באשטייט ער אין דער מאס און כאראקטער פון „וועלטליכקייט״ וואס די דאזיגע ציוניזם־פארמען פאַרמאגען. קלאָרער גע־רעדט: אי דער רעוויזיאניזם, אי דער ארבייטער־ציוניזם און זאל שוין דא אויך צוגעגעבען ווערען—אי דער אזוי גערופענ־ער „אלגעמיינער״ ציוניזם — זיינען אוועק א סך ווייטער אין זייער וועלטליכקייט ווי דער אחד העם׳יזם.

די „שיבה אל היהדות״ (דער צוריקקער צו יודענטום) אלס איינער פון די פאָפולערסטע לאָזונגען פון דעם ציוניזם מיינט—דער צוריקקער צו דער „תרבות עברית״, צו דער העברעאישער שפראך־קולטור, און די דאזיגע „תרבות״ קאָן

מיינען וואָס איהר ווילט, אבער ניט די תורה־רעליגיע אידיש־קייט.

דאס איז בנוגע דער ציוניסטישער פילאזאפיע. נאך בולט'ער טרעט ארויס די וועלטליכקייט פון ציוניזם אין זיין טעטיגקייט אלס באוועגונג און אלס א שטיק ווירקליכקייט אין דער מאדערנער ארץ ישראל.

די אפיציעלע פירער און טאן געבער, גרעסערע און קלענערע, פון דעם „אלגעמיינעם" ציוניזם, פון דעם רעוויזיאָ־ניזם, א פשיטא שוין פון דעם סאציאליסטישען ציוניזם זיינען פולשטענדיג אויסגעליידיגט פון דעם רעליגיע־געדאנק און מכל שכן פון דעם רעליגיעזען לעבענסשטייגער. אין דער מאדערנער העברעאיסטישער דערציהונג, אויף וויפיל זי איז א פראדוקט פון דעם ציוניזם, ווערט דער תורה־רעליגיעזער אינהאלט באטראכט אלס א גלות־אינהאלט, און אלס אזעלכער פארדינט ער בלויז געדולדעט צו ווערען אלס „קולטור," ער האָט אָבער קיין חשיבות ניט אלס „תורת חיים". און ועל כולם —דער חלוציזם, אלס א באוועגונג וואס איז בעצם איינע פון די שענסטע און פריידיגסטע דערשיינונגען אין דער אידישער געשיכטע—אויסקריצענדיג אויף זיין פאן דעם לאזונג פון „דת העבודה" האָט אָבער אויסגעמעקט פון די הערצער און לעבען פון זיינע טרעגער דעם „דת ישראל."

וואס איז שייך דעם מאדערנעם ישוב אין ארץ ישראל— די שטעט, די קאלאניעס, די קבוצות וואס געפינען זיך אונטער דער השפעה פון דעם ארבייטער ציוניזם—מוז דאך אנערקענט ווערען, אז ער איז דורכגעדרונגען מיט וועלטליכקייט הן אין זיין דערציהונגס סיסטעם, הן אין זיין לעבענסשטייגער.

דער ציוניזם האט אויך א „רעכטען" פליגעל. דאס איז דער „מזרחי" וואס שטרעבט און באמיהעט זיך צו בויען ארץ ישראל „על פי תורת ישראל". דער דאָזיגער פאקט אבער גופא, דער פאקט, וואס דער „מזרחי" האלט אין איין פראָטעסטירען געגען דער וועלטליכקייט פון ארץ ישראל, וואס ער האלט אין מאכען „אפמאכען" מיט'ן אפיציעלען ציוניזם בנוגע רעליגיע—איז גענוג אונז צו איבערצייגען, אז דער ציוניזם איז אין זיינע כאראקטעריסטישע אייגענשאפטען, אין זייך עיקר און תוך א פארמע פון דער וועלטליכער אידישקייט.

רעזומירענדיג דאָס דאָ ארויסגעזאָגטע, זאָל דאָ דערמאנט ווערען, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט האט אלס תמצית פון איהר געדאנקען־גאנג דעם באוואוסטען אויסדרוק פון „הקב"ה ישראל ואוריתא חד הוא" — גאָט, דאָס אידישע פאָלק און די תורה זיינען איינס. דער ציוניזם האָט אלס זיין לאָזונג א נייע דריי איי־ניגקייט. דאס איז: „עם ישראל, ארץ ישראל ושפת ישראל"—דאס אידישע פאלק, ארץ ישראל, העברעאיש.

די אידישע רעליגיע שליסט כלל ניט אויס דעם דאזיגען ציוניסטישען לאזונג. די אידישע מאסען, למשל, וואס זיינען געטריי דער תורה־רעליגיע אידישקייט זיינען בלב ונפש פאר דער פאליטיש־עקאנאמישער אויפריכטונג פון דעם אידישען פאלק. נאך מער. דת ישראל איז אין פולער הארמאניע מיט „דת־העבודה." און די לעצטע יאהרען איז אויך אויפגעשטאַנען א אידישע יוגענד וואס האט זייביידען צוזאמענגעגאסען. דאס זעלבע איז בנוגע צו „פאלק" און „שפראך." די ליבע צו זיי קאן לחלוטין ניט זיין די מאנאפאליע פון דעם וועלטליכען ציוניזם. דער דאזיגער ציוניזם האט אבער אויסגעשלאסען פון

זיין תוך „קוב"ה" און „אוריתא". דאָס טוענדיג איז ער א „ככל הגויים'דיגע" באוועגונג, און אלס אזעלכע דארף ער באהאנד־עלט ווערען.

.4

דער קאָמוניזם און ציוניזם, שטעלענדיג זיך די אויפגאבע צו לייזען די אידישע פּראבלעם אין איהר גאנצען היקף, זיינען די צוויי „איזמען" פון דער ערשטער מדרגה. דער אידישיזם און העברעאיזם וואָס געבען זיך אָפּ הויפּטזעכליך מיט דער פראַגע פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער קולטור, זיינען איזמען פון דער צווייטער מדרגה. אלס אזעלכע קענען זיי אויך באַ־צייכענט ווערען מיט איין וואָרט: „קולטוריזם" אדער „שפּראכיזם".

דער אידישיזם זעהט אין דער אידישער שפּראך־קולטור דעם איינציגען, אדער כמעט דעם איינציגען מיטעל צו דער־האַלטען די עקזיסטענץ פונ'ם אידישען פאָלק. דר. חיים זשיטלאָווסקי, וואס פארנעמט אין דער טעארעטישער באגרינ־דונג פון דעם אידישיזם דעם זעלבען פלאץ וואס אחד העם אין דעם העברעאיזם און קולטורעלען ציוניזם, האלט אין איין באווייזען מיט גאנץ שכל'דיגע ארגומענטאציעס (אפשר שוין צו שכל'דיגע), אז די אידישע שפּראך־קולטור איז דער יסוד היסודות אינ'ם גאנצען קאמפּלעקס פון דער אידיש־נאציאנא־לער פּראבלעם. דאס טוט ער פאר די לעצטע עטליכע יאהר, און זאָל דאָ דרך־אגב באמערקט ווערען, אז דר. זשיטלאָווסקי איז, באנוצענדיג זיך מיט'ן תלמודישען אויסדרוק, א „רואה

עולמו בחייו״—קריגט זיין שכר אויף דער וועלט. דר. זשיט־לאווסקי האט זוכה געווען צו מגדל זיין תלמידים און נאכפאל־גער, ביי וועמען דער אידישיזם איז דער קוואל פון זייער אייגענעם נשמה־לעבען און דער אלף און תיו פון אידישקייט בכלל.

דר. זשיטלאווסקי האט פארטיפט און פאפולאריזירט (ביידע קענען גיין צוזאמען) דעם אידישיזם, אבער ניט מיט איהם הויבט זיך אן דער אידישיזם. די ערשטע קערענדלאך פון דעם דאזיגען געוואוקס זיינען באהאלטען אינ׳ם געדאנק פון „אויטאנאמיזם,״ וועמעס פאטער איז דער אידישער היס־טאריקער שמעון דובנאוו.

אין זיינע „בריף וועגען דער אלטער און נייער אידיש־קייט,״ וואס זיינען דערשינען אין א משך פון יאהרען אינ׳ם אידיש־רוסישען „וואסכאד,״ האט דובנאוו ארויסגעבראכט א שיטה וואס קאן אויך אריינגערעכענט ווערען אין דעם קלאס פון די „איזמען״ פון דער וועלטליכער אידישקייט. עס איז כדאי זיך אפשטעלען א ווײלע אויפ׳ן תמצית פון דעם „אויטאנאמיזם״, כאטש ער איז מער ניט צווישען די לעבעדיגע איזמען.

דער תמצית איז: דער נאציאנאלער קיום פונ׳ם אידישען פאלק איז ניט אפהענגיג פון איין לאנד אלס א אידיש פאליטיש־נאציאנאלע לאנד ווי א שטייגער ארץ ישראל. דאס אידישע פאלק קאן עקזיסטירען אפילו ווען ער איז צוזייט און צושפרייט אין פארשידענע לענדער. פאקטיש איז די אידישע געשיכטע מערסטען א גלות געשיכטע. דער אידישער גלות האט זיך אנגעהויבען ניט מיט׳ן חורבן בית שני, נאר מיט׳ן

חורבן בית ראשון. דאס איז א קיימא לן פון קרוב צו צוויי טויזענט און פינף הונדערט יאָהר צוריק. דורך וואָס האָט זיך דאס אידישע פאלק געקענט דערהאלטען אין די פארשידענע גלות־לענדער אין א משך פון אזוי פיל הונדערטער יאהרען? דורך זיין גייסטיגקייט. דורך זיין באזונדער קולטור. ביז אהער האט זיך די אידישע גייסטיגקייט אויסגעדריקט און פארקער־פערט אין תורה־רעליגיע. פון היינט אן און ווייטער (דער געוויינליכער נוסח), ווען די רעליגיע קאן שוין מער ניט שפילען איהר דעהאלטונגס־ראלע, דארף און קאן פארנעמען איהר פלאץ די מאדערנע אידישע גייסטיגקייט. די דאזיגע גייסטיגקייט, פונקט ווי די אלטע, דארף דערהאלטען און גע־שיצט ווערען פון מאדערנע ארגאניזירטע אידישע קהלות, און די דאזיגע קהלות וועלען אויסגעהאלטען ווערען, לויט'ן פרינ־ציפ פון „נאציאנאליטעטען רעכט," פון די דעמאקראטישע מלוכות־מדינות, וואו עס וועלען זיך געפינען אידישע ישובים. די קהלות וועלען האבען זייערע אייגענע געריכטען, זייערע אייגענע סיסטעמען פון אידישער דערציהונג און בילדונג און אויך באַזאָרגען די אַנדערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע נויטען. דורך אזא סארט ארגאניזירט אידיש לעבען וועט געזיכערט ווערען דער נאציאנאלער קיום פונ'ם אידישען פאלק, פונקט ווי דאס איז געווען דורך דער גאנצער גלות־געשיכטע.

דאס איז דער תמצית פון דעם „אויטאנאמיזם," וואס האט בשעתו פארנומען א גאנץ השוב'ן פלאץ אלס א טעאריע פאר דער לייזונג פון דער אידישער פראגע.

דרך אגב זאל דא באמערקט ווערען, אז די באוועגונג פאר אן אלוועלטליכען פערמאַנענטען אידישען קאָנגרעס וואָס האָט

זיך אָנגעפאַנגען אין אמעריקא אין די וועלט־מלחמה יאָהרען; די פאדערונגען פון דער אידישער דעלעגאציע אויפ׳ן ווער־סיילער פרידענס־קאנגרעס פאר אידיש־נאציאנאלע „מינאָרי־טעטען־רעכט,״ און די מיינונגען און שלוסען פון פראפעסאר מרדכי קאפלאן אין זיין בוך „דזשודאאיזם עז איי סיוויליזיי־שאן,״ וואס האבען צו טאן מיט׳ן פלאן צו ארגאניזירען א מאדערנעם אידישע קהלה־לעבען אין אמעריקא—ציהען זייער יניקה, דירעקט אדער אומדירעקט, פון דובנאוו׳ס אויטאנא־מיזם.

נאר לאמיר גיין צוריק צום אריגינעלען אויטאנאמיזם. דובנאוו, כאטש ער זעהט די לייזונג פון דער אידישער פראגע הויפטזעכליך אין דעם גלות אויטאנאמיזם, איז ניט קיין געגנער פון ציוניזם. ער איז דאס געווען אין די ערשטע יאהרען פון זיין ליטערארישער טעטיגקייט. ער האט זיין געגנערשאפט ארויסגעבראַכט אין זיין פּאָלעמיק מיט אחד העם׳ען. מיט דער צייט אָבער האָט ער אויך דעם ציוניזם באטראכט אלס אן עלעמענט אין זיין טעאריע. דובנאוו איז אויך ניט קיין אידישיסט. העברעאישע קולטור איז ביי איהם א זעהר חשוב׳ער ענין. דאך, בלא יודעים, ליגען פארבארגען, ווי שוין דאָ באַמערקט, אין זיין אויטאָנאָמיזם די ערשטע זאמען פון דעם אידישיזם.

דאס איז דערפאר, ווייל דובנאוו האלט, אז אויך אין דער צוקונפט וועט די אידישע שפראך זיין (און דאַרף זיין) די שפראך פון דער גרעסטער מערהייט פון דעם אידישען פאלק. ממילא דארף דאס אידישע אויטאנאמע קהלה־לעבען זיך שטיצען אויף דער אידישער שפראך־קולטור.

דאס איז דער אנפאנג פון אידישיזם.

עס איז אז מעגליך אז ביי דעם וואלט דער אידישיזם געבליבען. פון איהם וואלט געווארען דאס וואס איז געווארען פון דעם אויטאנאמיזם—דאס הייסט, א „איזם״ וואס איז געווען און איז ניטא מער. האט אבער די געשיכטע זיך אויפ׳ן אידישיזם מרחם געווען און איהם צוגעשיקט א „רווח והצלה ממקום אחר״—א הילף פון גאָר אנאנדער צד: דער דובנאָווי־שער אויטאנאמיזם איז מגולגל געווארען אין א נייעם „איזם,״ אין דעם „בונדיזם,״ און ער האט דאס געשטעלט דעם אידיש־יזם אויף די פיס.

דער „בונד״, אָט די אידיש־סאָציאליסטישע פארטיי וואָס האט בשעתה מרעיש עולם געווען, האט לכתחלה זיך ווייניג אינטערעסירט מיט דער אידיש־נאציאנאלער פראבלעם. עס איז געווען אפילו א צייט, ווען עס איז געווען א בפירוש׳ער איסור ארויפברייגגען אויף די ליפען די ווערטער „דאס אידישע פאָלק״, אָט א שטייגער ווי עס איז געווען א איסור ביי אונזערע היינטיגע אידישע קאמוניסטען, איידער עס האט זיך אנגעפאנגען די נייע סדרה פון דעם „פאראייניגטען פראנט.״ איז אבער מיט דער צייט פארגעקומען א ענדערונג (און די וואס זיינען באקאנט מיט דער געשיכטע פון „בונד״ ווייסען אויך איהרע סבות) און דער בונד האט געפונען פאר נויטיג אנצונעמען א „שטעלונג״ צו „אידישקייט.״

דובנאוו׳ס אויטאנאמיזם און די „נאציאנאליטעטען־פרא־גע״ וואס האט אזוי באשעפטיגט די דאמאלסדיגע סאציאליסט־ען פון דער צונויפגעשטצאבעטער עסטרייך האָבען פיל גע־האלפען דעם בונד צו קלאר מאכען פאר זיך, זיין „שטעלונג.״

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען די באוואוסטע „קולטורעל־נאציאנאלע אויטאנאמיע" וואס דער בונד האט אַריינגעשטעלט אין זיין שלחן ערוך.

עס איז דער זעלבער דובנאווישער אויטאנאמיזם אבער פראָלעטאַריש געשליייערט. אידישע „קהלות" — דאָס מיינט פּראָלעטארישע קהלות. אַנשטאט „דעמאָקראַטישע"—סאציא־ליסטישע מדינות־מלוכות וואס וועלען אויסהאלטען די אידישע פראלעטארישע קהלות. און נאטירליך, דער נאציאנאלער תוך פון די דאזיגע קהלות וועט זיין די אידיש־פראלעטארישע שפראך־קולטור.

דורך דעם בונדיסטישען אויטאנאמיזם איז אידיש נתעלה געווארען. האט באקומען מער חשיבות. ווייל דער בונדיסטי־שער אויטאנאמיזם האט אנגענומען אידיש אלס דעם איינציגען קולטורעלען תוך פון דער קומענדער אידישער אויטאנאמיע. אבער אפילו ביים בונד האט נאך אידיש ניט דערגרייכט די מדרגה פון א „איזם," פון א נייער תורה, ווייל סוף כל סוף איז דער סאציאליזם געווען דער עיקר תורה פון דעם בונד. פון וועז אן ווערט אידיש—„אידישיזם?" אדער פון וועז אן ווערט אידישיזם א זעלבסטשטענדיגע תורה?

פון נאָך דער טשערנאָוויטשער קאָנפערענץ אין 1908.

אויף דער דאזיגער קאנפערענץ קומט פאר דער „מתן תורה" פון אידישיזם. די דאזיגע קאנפערענץ ברייננגט אריין קלארקייט אין די מטושטש'דיגע געדאנקען און געפילען פון די אידישיסטיש־משכילישע יחידים און גרופען און פון דאמאָלס אן ווערט דער אידישיזם א באוועגונג. עס גרינדען זיך שולען פאר קינדער, פאראיינען פאר דערוואקסענע און עס הויבט זיך

אן דער „שפראכען־קאמף״ וואס האט זיך ניט געענדיגט ביז היינטיגען טאג.

באלד נאך די מלחמה יאהרען האט זיך געדוכט אז דער אויטאנאמיזם, צי אין זיין דובנאווישער, צי אן זיין בונדיסטישער פארמע, וועט פארווירקליכט ווערען און דאס וואלט געמיינט אז דער אידישיזם וועט פאליטיש עולה לגדולה זיין. זיינען דאך קליינע פעלקער פאליטיש אויפגעריכט געווארען און דער פרידענס־קאנגרעס האט אויך אנגענומען דעם פרינציפּ פון קולטור־נאציאנאלע רעכט פאר די מינאריטעטען־פעלקער. אזוי האט זיך געדוכט. אויסגעלאזט האט זיך אבער גאר אנדערש. דער באלשעוויזם אין רוסלאנד, דער ווילדער שאוועניזם אין פוילען, דער תהו ובהו אין די מערסטע אייראפעאישע לענדער נאך די מלחמה יאהרען האבען דער׳הרג׳ט אי דעם בונד אי דעם דובנאווישען אויטאנאמיזם. דאס האט געפיהרט צו דעם, אז פאליטיש איז דער אידישיזם אויסגעשפילט (חוץ אין סאוועט־רוסלאנד וועגען וועלכער ס׳וועט נאך גערעדט ווערען). פארבליבען איז דער אידישיזם א ריין אידיש־קולטורעלער „איזם.״ און אזוי האלט דאס מיט איהם ביז דעם היינטיגען טאג.

5.

דער העברעאיזם.

זיין אינטערעס אין דער פראבלעם פון „קיום האומה״ איז פיל טיפער ווי דער אינטערעס פון דעם אידישיזם, און זיין ענטפער אויף דעם איז באוואוסט: די העברעאישע שפראך־קולטור.

דער העברעאיזם ווערט דא באטראכט אלס א פארמע פון דער וועלטליכער אידישקייט, ווייל דער תוך פון זיין אידעאל־באוועגונג איז די מאדערנע העברעאישע ליטעראטור, אנדערע צווייגען פון דער מאדערנער העברעאישער קולטור און העב־רעאיש אלס א לעבעדיגע שפראך.

דאס מיינט ניט אז דער העברעאיזם שליסט אויס „תורה,“ ניין. אין דעם „תרבות“־אידעאל איז אויך איינגעשלאסען די נויטיגקייט צו לערנען און פארשען די טויזענט יעהריגע אידיש־רעליגיעזע לימודים. אין דעם באשטייט דער הויפט אונטערשיד צווישען דעם העברעאיזם און דעם אידישיזם, אדער דעם עקסטרעמען אידישיזם. ער איז אבער ענליך צום אידישיזם מיט דעם, וואס אויך ער באטראכט די „תורה“־למודים פאר „תרבות“, פאר „קולטור“ וואס האט א ווערט אלס א שטודיום, אבער קען ניט דינען אלס א יסוד, א קוואל פאר „אונז,“ מאדערנע אידען־מענשען, אין אונזער מאדערנעם דיינקען און לעבען.

איך וועל נאך צוגעבען: פון א תורה־רעליגיע שטאנד־פונקט איז די אפשאצונג פון דעם מאדערנעם העברעאיסט פון דער חשיבות און נוצליכקייט פון דער תורה־רעליגיע — פיל ווייניגער אידיש ווי די אפשאצונג פון דעם פארשטארבענעם אסימילאנט־משכיל. דער אמאליגער משכיל האט געפאדערט „תיקונים“, רעפארמען הייסט עס, אין דער אידישער רעלי־גיע, אמאל קליינע און אומוויכטיגע רעפארמען, און אמאל גרינטליכע. מיט דעם אליין האט דער משכיל באוויזען אז ער האט א פאזיטיווע באציהונג צו רעליגיע, אז ער אנערקענט איהר חשיבות און נויטיגקייט. אנדערש איז מיט דעם מא־

דערנעם טיפּישען העברעאישען משכיל. ער איז פולשטענדיג גלייכגילטיג צו דער אידישער רעליגיע, און איהם הויבט ניט אָן צו אַרען ווי זי איז, צי מיט „תיקונים" צי אָהן זיי.

די השכלה אידעאלאגען, סיי פונ'ם ערשטען דור, ווי אשטייגער, יצחק בער לעווינסאן, אדם הכהן לעבענזאן, אברהם מאפו, און אפילו פון דעם צווייטען דור, ווי פרץ סמאלענסקין, יהודה ליב גארדאן און משה ליב ליליענבלום (אין זיינע ערשטע השכלה יאָהרען)—האָבען געשטרעבט צו פאראייניגען „דת ודעת," „תורה און חכמה," „אמונה און תבונה." די העברעאישע שרייבער און פאעטען פון אונזער דור אבער, פון דעם דור פון „נאציאנאלער רענעסאנס," האלטען די גאנצע חקירה וועגען דעם ענין פאר בטלניש-נאאיוו און באציהען זיך צו זייערע טאטעס און זיידעס, די משכילים, מיט דעם באוואוסטען רחמנות-געפיהל.

און זאל דא, דרך אגב, באמערקט ווערען, אז אויב איינער וויל זיך ענטפערען די פראגע, צי אונזער מאָדערנע העברע־איש-אידישע ליטעראטור איז מיט אנאמת וועלטליך, צי איז נאך עד היום פארבליבען פּראווינציעל—זאל ער זיך פאר־טראכטען וועגען איהר באציהונג צו דער רעליגיע-פּראבלעם בכלל. אין דער ענגלישער, אמעריקאנער, א. ז. וו. ליטעראטור, ווערט דער ענין רעליגיע שטודירט מיט דעם ערנסט וואס אמת'ע פרייע דיינקער (פרייע דיינקער, ניט „פריידיינקער") און אומרוהיגע זוכענדע נשמות פארמאגען. ביי אונז אבער (פון זעלטענע אויסנאמען רעדט זיך דא נישט) האַלט מען נאך ביי דער אפּיקורסישער זיכערקייט פון א ביכנער און א פּיסאדעוו און אויב איינער פארוואַרפט די דאָזיגע זיכערקייט,

א משיטא שוין ווען ער איז פאזיטיוו רעליגיעז—ווערט ער באטראכט פאר א משונה׳דיגע בריאה. ווייסען מיר דאך ווי מען קוקט אויף הלל צייטלין און אויף מתתיהו בירענבוים ע״ה.

נאר לאמיר גיין צוריק צום ענין.

אונזערע נאציאנאליסטען־משכילים האלטען די אמאליגע משכילים פאר „אסימילאנטען,״ זיי האבען געפונען א פסוק ביי יהודה ליב גארדאן—„היה אדם בצאתך ויהודי באהלך״—זיי א מענש, וועלטליך, אין גאַס, און א איד ביי זיך אין דער היים. אין דעם דאזיגען פסוק זעהן זיי דעם תמצית פון דעם אסימילאציאנס־געדאנק. אונזערע מאדערנע משכילים האבען אבער קיין מאל ניט א טראכט געטאָן, אז דער נאַציאָנאַליס־טיש־וועלטליכער געדאנק וואָס לאָזט זיך אויסדריקען אין דעם איבערגעקערטען אויסדרוק—„זיי א איד אין גאַס און א „אדם באהל״ (דאָס איז אחד העם׳ס אן אויסדרוק ווען ער באהאנ־דעלט דעם זעלבען ענין)—אז דער דאָזיגער געדאנק איז בעצם מער אסימילאטאריש ווי דער אמאליגער, דער משכילישער.

ווייל א איד קאן זיין א „אָדם בצאתו״—וועלטליך, און אין דער זעלבער צייט זיין א „אידישער איד.״ ער מעג זיין פולשטענדיג אייראפעאיזירט אדער אמעריקאניזירט אין שפראך, הלבשה, מאניערען, סאָציאל־פּאָליטישע אינטערעסען, געזעלשאפטליכען קאָנטאַקט—און דאך בלייבען א פולשטענ־דיגער איד, כל זמן ער איז א „יהודי באהלו״—ער טראכט לויט דער אידישער וועלט אנשויאונג, איז באלעבט פון אידי־שע געפילען, פיהרט זיך אויף מער־וויניגער לויט דער אידי־שער רעליגיע און אנערקענט אז ער איז אנדערש פון ניט אידען. ווייסען מיר דאך פון אידען, אמאל און היינט, וואס

זיינען שפּראַכליך און סאָציאַל „אַסימילירט" און עס וועט קיין בר דעת ניט באַצייכענען יענע אידען אלס „אַסימילירטע." גאָר אנדערש איז מיט דעם „יהודי בצאתו ואדם באהלו" אידען. אין גאַס איז ער אַ איד. פאַר דער וועלט דעמאָנסט־רירט ער זיין אידישקייט. ער שטאָלצירט מיט זיין אידישקייט. ער רופט אָדער באַטייליגט זיך אין קאָנפערענצען און קאָנג־רעסען לטובת אידיש־נאַציאָנאַלע ענינים. ער אַרבייט מעשים פאַר זיין שפּראַך־קולטור (אידיש אָדער העברעאיש). אין דער זעלבער צייט אָבער איז ער אַ „אדם באהלו". זיין גאַנצער געדאַנקען־גאַנג איז ניט קיין אידישער, זיינע האַנדלונגען אין זיין פּריוואַטען און משפחה לעבען זיינען ניט בהסכם צו דער תורה־רעליגיע אידישקייט. זיין שבת איז—זונטאָג, זייך ראש השנה איז—„ניויירס", זיינע אַלע ימים טובים זיינען די ניט אידישע ימים טובים—קורץ, ער איז אַ „אדם באהלו." איז דאָס לאָגיש איהם צו באַצייכענען אלס אַ „נאַציאָנאַלען" אידען? איז אַזאַ איד ניט אַסימילאַטאָריש?

אָבער דאָס איז שוין אַ ענין װעגען וועלכען עס לאָזען זיך אַנטשטיין שאַרפע חלוקי דעות, און איך פיהל זיך ניט מחוייב צו באַווייזען אַז מיין דעה איז די ריכטיגע. איך האַלט אָבער יאָ פאַר נויטיג דאָ אָנמערקען, אַז דער עצם באַגריף פון אונזערע וועלטליכע נאַציאָנאַליסטען וועגען „נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע" איז ניט קיין אידיש־נאַציאָנאַלער, איז אַן אַסימילאַטאָרישער, אַ „ככל הגויים'דיגער"...

עס איז שוין דאָ אויף אַן אומדירעקטען אופן באַמערקט געוואָרען, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט פון סאַמע אָנפאַנג פון

זיין געשיכע געשטעלט דעם טראָפּ אויף אינהאַלט, בעת אז פאָרם איז ביי איהם געווען ניט מער ווי א טפל. שפּראַך, למשל, וואָס איז גוואַלדיג חשוב ביי אנדערע פעלקער, איז קיינמאל ניט באַטראַכט געוואָרען ביי אידען אלס א עיקר אין זיין קולטורעלען אוצר. אפשר איז דאס אידישע פאָלק אין זיין מזלזל זיך אין דער שפּראַך אַוועק צו וויט. ער האט געביטען שפּראַכען מיט דער לייכטקייט וואָס מ׳בייט א בגד. אבער דאס ציינט ווידער אז ער האט באַטראַכט שפּראַך פאַר ניט איבעריג חשוב. און ניט וויכטיג איז זי געווען ביי איהם, ניט נאָר אלס א מיטעל צו ריידען, נאָר אויך אלס אַן אויס־דרוקס־מיטעל פון ליטעראַרישער שאפונג. דער תלמוד איז אין זיין גרעסטען כמות אין דער אַראַמעאישער שפּראַך. דער זוהר — איז אין גאַנצען אַראַמעאיש. דער ה„אמונות והדעות" פון ר׳ סעדיה גאון, דער „כוזרי" פון ר׳ יהודה הלוי, דער „חובות הלבבות" פון רבנו בחיי הספרדי, דער „מורה נבוכים" פון רמב״ם — אט אזעלכע קלאַסישע ספרים פון דער אידיש־רעליגיעזער פילאָזאָפיע און עטיק און א צאָל אנדערע וויכטי־גע און ניט וויכטיגע ספרים, זיינען געשריבען אין אַראַביש. אמת, די דאָזיגע ספרים זיינען איבערגעזעצט געוואָרען אין העברעאיש און זיינען באַקאַנט צום אידישען פאָלק דורך העברעאיש. דאָס אבער וואָס אזעלכע גרויסע אידישע גייס־טער ווי די מחברים פון יענע ספרים האָבען לכתחלה געשאַ־פען אויף א ניט אידישער שפּראַך איז א גענוגענדער סימן, אז פרעמד שפּראַכיגקייט איז ביי אידען קיינמאָל ניט פאַררע־כענט געוואָרען פאַר „אַסימילאַציע".

נאָר לאָמיר זאָגען אז די פריהערדיגע דורות האָבען א

טעות געמאַכט; אז מיר פון דעם היינטיגען דור זיינען קליגער פון זיי און פארשטייען בעסער די נאציאָנאלע חשיבות פון שפּראַך. איז א פראגע, פאר וואָס האָבען אונזערע וועלטליכע נאַציאָנאַליסטען גענומען דאָס וואָס איז פון אייביג אָן געווען א טפל ביי אידען און געמאַכט פאר א עיקר, און דעם עיקר, תורה־רעליגיע, וואָס קיינער קאָן ניט צווייפלען אין איהר כח אלס א מיטעל צו דערהאַלטען דעם אידישען פאָלק ביים לעבען — געמאַכט פאר א טפל, ריכטיגער געזאָגט — אין גאַנצען פארווארפען?

די ענטפערס אויף דער דאזיגער פראגע זיינען גוט באַוואוסט, און אין זיי ווערט אמקלאָרסטען אנטפלעקט דער תוך פון דער וועלטליכער אידישקייט.

---

ביים פארענדיגען די אָפּהאַנדלונג וועגען אידישיזם און העברעאיזם, זאָל דאָ באַמערקט ווערען, אז כאָטש די דאזיגע ביידע „איזמען" זיינען רייך־ קולטורעלע און זעלבסטשטענדיג בנוגע צו דער אידישקייט־פראַגע, האָבען זיי אידעאישע פאר־בינדונגען מיט'ן קאָמוניזם און ציוניזם אין שייכות צו דער אידען־פראגע. אידישיסטען זיינען לויט זייער עקאָנאָמיש־סאָציאלער אנשויאונג קאָמוניסטען (אדער סאָציאליסטען), און העברעאיסטען — ציוניסטען.

עס זיינען, אמת, דאָ אידישיסטען וואָס זיינען ציוניסטען, נאָר ציוניסטען, אדער אויך ציוניסטען (וואָס האַלטען אויך פון אנדערע טעריטאָריעס — ווען זיי זאָלען זיין). נאָך מער, מיר האָבען אידישיסטען, ווי א שטייגער דר. זשיטלאָווסקי און זיינע חסידים, וואָס ווילען, אז ארץ ישראל זאָל זיין דער פלאץ,

וואו דער אידישיזם זאָל זיך ערשט צובליהען. (א קלייניגקייט — אן אייגען לאַנד). דער אידישיזם אָבער אין זיינע כאַראַק־טעריסטישע אייגענשאַפטען איז מער נוטה צום קאָמוניזם (אדער סאָציאַליזם).

און פארקערט. עס זיינען דאָ העברעאיסטען וואָס סימ־פּאַטיזירען מיט'ן קאָמוניזם אלס א וועלט אידעאל־ באווע־גונג. אדער האָבען סימפּאטיזירט מיט איהם, איידער ער האָט זיך ארויסגעוויזען אין זיין פולען ברוטאל־בלוטיגען גע־שטאַלט. מיר האָבען אויך העברעער וואָס זיינען נאָך עד היום דאַנקבאַר דעם קאָמוניזם פאר זיין אופן פון לייזען די אידען־פראגע. דער העברעאיזם אבער אלס אן ענטפער אויף דער אידישקייט־פראגע איז דורך און דורך ציוניסטיש.

דאָס איז די וועלטליכע אידישקייט אין אירע פארשידענע פאָרמען. יעדע פאָרמע האָט איהר פּארטיי, אדער אָרגאניזאַ־ציע, איהר ליטעראטור, איהר סיסטעם פון דערציהונג און בילדונג און אלע צוזאַמען רודערען אונזער אידיש וועלטעל פאר די לעצטע עטליכע צענדליג יאָהר.

## 6

עס וועט ניט זיין איבעריג צו אָפּשטעלען זיך אויף נאָך איין פראַגע: פון וואַנען שטאַמט די וועלטליכע אידישקייט?

אַ פּאָר אַלגעמיינע קורצע באַמערקונגען וועלען זיין א גענוגענדער ענטפער אויף דער פראגע.

די וועלטליכע אידישקייט איז א פּראָדוקט פון דער גרינט־ליכער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אינ'ם אידישען גע־דאַנק און לעבען פאַר די לעצטע הונדערט און פופציג יאָהר

בערך. און די דאָזיגע ענדערונג גופא איז א רעזולטאט פון דער רעוואָלוציאָנערער ענדערונג אינ׳ם גייסט און לעבען פון דער ציוויליזירטער וועלט.

די אַסימילאציע און רעפאָרם באוועגונגען צווישען אידען אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער; די השכלה באוועגונג אין גאַליציע און רוסלאנד; די נאַציאָנאַליסטישע באוועגונג צווישען א טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ אין די אכ־ציגער יאָהרען פונ׳ם לעצטען יאָהר־הונדערט; די סאָציא־ליסטישע באוועגונג צווישען אנאנדער טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ; דער מאָדערטער נאַציאָנאַליזם ביי די אונטער־דריקטע פעלקער, דער נאַציאָנאַליזם וואָס האָט זיך פון איין זייט אויסגעדריקט אין קאמף פאר פּאָליטישער באפרייאונג, און פון דער צווייטער זייט אין דער שטרעבונג צו אויפלעבען די נאציאָנאלע קולטורען — דאָס זיינען די פאַקטאָרען פאר דעם געבורט און אנטוויקלונג פון דער וועלטליכער אידישקייט אין איהרע פארשידענע פארצווייגונגען.

די רעפאָרם און השכלה באוועגונגען זיינען געווען די ערשטע אויסדרוקען פון א קריטישער באציהונג צו דער תורה־רעליגיע אידישקייט. קריטיש — אדער צו איהר גאנ־צען וועזען, אדער צו געוויסע עלעמענטען פון איהר, חשוב׳ע און ניט חשוב׳ע. דוד פרידלענדער און זיינע נאָכפאָלגער האָ־בען זיך באצויגען נעגאַטיוו צום גאַנצען מהות פון אידישקייט און זיך אָפּגעטרייסעלט פון איהר דורך שמד. דער צווייטער דור פון רעפאָרם און השכלה האָט זיך נעגאַטיוו באצויגען בלויז צו געוויסע חלקים פון אידישקייט און דער דאָזיגער דור האָט דאָס איבערגעלאָזט יורשים אין דייטשלאַנד און

אמעריקא און גורם געווען צו דער אַנטשטייאונג פון דער השכלה באוועגונג אין גאַליציע און רוסלאנד.

דער אסימילאַציאָנס־געדאַנק, דער הערשענדער ביי א געוויסען שיכט פונ׳ם אידישען פאָלק אין די מערסטע צענד־ליגער יאָהרען פונ׳ם פאריגען יאָהר־הונדערט, האָט געקראָ־גען זיין ערשטען קלאַפּ דורכ׳ן אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד. איז שטאַרקער געשלאָגען געוואָרען פון דער רעאַקציע אין רוסלאַנד און די פּאָגראָמען וואָס האָבען איהר באגלייטעט אינ׳ם אָנפאַנג פון די אכציגער יאָהרען. אַנטיסעמיטיזם, רע־אַקציע און פּאָגראָמען — זיי זיינען די הויפּט קוואַלען פון דעם מאָדערנעם אידישען נאַציאָנאַליזם. זיי האָט אבער אויך מיט־געהאָלפען א פאַקטאָר פון א פּאָזיטיווען כאַראַקטער: דער אלץ וואַקסענדער נאַציאָנאַליזם ביי די ניט־אידישע אונטער־דריקטע פעלקער.

דער אידישער נאציאָנאליזם, שטיצענדיג זיך אויף דעם מאָדערנעם ניט אידישען נאציאָנאַליזם, האָט פארווארפען דעם אסימילאַציאָנס־געדאַנק און צוזאמען מיט איהם — דעם תורה־רעליגיע תוך. דער אידישער נאַציאָנאַליזם האָט זיך געשטעלט אויף אן עקסטרעם־להיפוכ׳דיגען שטאַנדפּונקט פון דעם וואָס דאָס רעפאָרם און אסימילאציע אידישקייט האָט געהאַט. די רעפאָרם האָט פארלייקענט דאָס אידישע פאָלק און איבערגעטראָגען דעם שווער־פּונקט אויף רעליגיע (ווי דאָס איז פון איהר פארשטאַנען געוואָרען). דער אידישער נא־ציאָנאַליזם האָט פארוואָרפען רעליגיע, אָפּגעלייקענט איהר חשיבות און נויטיגקייט, און געשטעלט דעם טראָפּ אויפ׳ן אידישען פאָלק. ביי דעם האָט זיך אָבער די אַנטוויקלונג פון

דעם אידישען מאָדערניזם ניט אָפּגעשטעלט. עס איז אַנט־שטאַנען דער אידישער סאָציאַליזם וואָס האָט פארלייקענט ביידע — אי די אידישע רעליגיע אי דאָס אידישע פאָלק . . .

פון די דאָזיגע אלע בלאָנדזשענישען פון דעם אידישען געדאַנק ביי דער אזוי גערופענער „אידישער אינטעליגענץ" האָט זיך ענדליך אויסגעקריסטאַליזירט די איצטיגע אידישע וועלטליכקייט וואָס איהר כאַראַקטעריסטישע אייגענשאַפט איז דער אידישער נאַציאָנאַליזם, די אייגענשאַפט וואָס מיר געפי־נען שוין די לעצטע צייט אפילו ביי דעם אידישען סאָציאַ־ליזם און ביים אידישען קאָמוניזם, לויט דעם לעצטענס פּרע־טענזיעס.

— — —

מיט'ן ציוניזם אלס דער חשוב'סטער חלק פון דעם אידי־שען נאַציאָנאַליזם איז פאַרגעקומען אביסעל אַנדערש ווי מיט'ן אידישען נאַציאָנאַליזם בכלל.

אין זיין אורשפּרונג איז דער מאָדערנער ציוניזם א פאַר־זעצונג פון דעם תפלות־און־חצות „ציוניזם" וואָס האָט גע־לעבט ביי אידען פון אָנפאַנג פון זיין גלות געשיכטע. דאָס הייסט, ער איז פארוואָרצעלט אין דער אידישער רעליגיע. דאָס איז די סבה וואָס ביז גאָר דער לעצטער צייט איז ער באַקעמפט געוואָרען פון דעם אידישען סאָציאליזם און ווערט עד היום באקעמפט פון דעם אידישען קאָמוניזם. דער רעלי־גיעזער כאַראַקטער פון ציוניזם האָט זיך בולט ארויסגעוויזען דורך דעם, וואָס זיינע שאַפער און ערשטע טוער זיינען געווען רבנים: הרב צבי הירש קאלישער, ר' יהודה אלקאלעי, ר' אליהו גוטמאכער, און אנדערע. די דאָזיגע רבנים האָבען אין

זייערע שריפטען און דרשות זיך באַמיהט צו באַוויזען אַז די מצוה פון „ישוב ארץ ישראל", וואָס ווערט אַזוי גערימט אין תלמוד, אין קבלה, אין חסידות — איז ניט סתם אַ מצוה, נאָר אַ „אתחלתא דגאולה"; אַז די „ביאת המשיח" איז ניט פאַרבונדען גראָדע מיט נסים, מיט איבערנאַטירליכע געשע־הענישען, נאָר מיט מעשים — מיט בויען און אַקערען און זייען און פלאַנצען.

אויפבויען ארץ ישראל אויף אַ פשוט'ען מענשליכען שטייגער און דערמיט מקרב זיין דעם „קץ" — דאָס איז גע־ווען דער תורה־רעליגיעזער תוך פון דעם ציוניזם אין די זעכציגער און זיבעציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהר־הונדערט, אין דער תקופה פון „ישוב ארץ ישראל" אָדער „שיבת ציון".

דער דאָזיגער תוך האָט אויך טיילוויז באַלעבט דעם ציוניזם אין זיין צווייטער שטופע פון אַנטוויקלונג — אין זיין „חבת ציון" פאָרמע אין די אַכציגער יאָהרען. אויך אין „חבת ציון" זיינען געווען אַקטיוו אַזעלכע באַריהמטע רבנים ווי ר' מרדכי עליאשבערג, ר' נ. צ. י. ברלין (דער נצי"ב) פון וואָלאָזשין, ר' יצחק אלחנן, און באַזונדערס ר' שמואל מאָהליווער. עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און „חבת ציון" איז אַלץ מער אַרונטער געפאַלען אונטער דער פירער־שאַפט און השפעה פון וועלטליכע אידען ווי ליאָן פינסקער און מ. ל. ליליענבלום און לעצטענס איז אויף איהר געלייגט געוואָרען דער שטעמפּעל פון אחד העם'ען, וועמענס ציוניס־טישע אידעאָלאָגיע איז געווען, ווי שוין דאָ אַנגעמערקט, גאַנץ פאַרשידען פון דער רבנישער.

דער אחד העם׳איזם איז פארבליבען א דאָמינירענדער עלעמענט אויך אין דעם ציוניזם וואָס פינסקער און הערצל האָבען געשאַפען — אין דעם פּאָליטיש־עקאָנאָמישען ציוניזם. דער דאָזיגער עלעמענט איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרען דורך דער השפעה פון די ארבייטער־פליגלען אין ציוניזם, ווי די פועלי ציון, הפועל הצעיר, צעירי ציון, השומר הצעיר און די סאציאליסטישע אדער קאָמוניסטישע קבוצות און „נקודות״.

און ביי היינטיגען טאָג איז דער ציוניזם א ריין נאציאָ־נאל־וועלטליכער ענין.

---

די דאָזיגע פּאָר באַמערקונגען וועגען דער אָפּשטאַמונג פון דער וועלטליכער אידישקייט און איהרע פארצווייגונגען פיהרען אונז צום געדאַנק, אז זי איז געשיכטליך בארעכטיגט. נאָך מער — אז געוויסע פאָרמען איהרע (עס געוועגט זיך אין דעם, ווי מען קוקט אויף זיי און ווער עס קוקט אויף זיי) האָ־בען ביז אהער געבראַכט אן ענדערונג אין אונזער לעבען וואָס קאָן אָהן ספק באַטראַכט ווערען אלס א גרויסע „עליה״ פאַר׳ן אידישען פאָלק. די פראַגע איז אָבער: איז די וועלטליכע אי־דישקייט בארעכטיגט צו דינען אלס דער קוואל פון דעם אינערליכען אידישען לעבען אויך אין דער צוקונפט? אדער, באַנוצענדיג זיך נאָך אַמאָל מיט׳ן נוסח פון דער פראַגע ווי זי איז שוין דאָ געשטעלט געוואָרען, באַזיצט די וועלטליכע אי־דישקייט דעם תוך וואָס מאַכט איהר ראוי און ווירדיג צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט?

מיר וועלען זעהן.

## דריטער קאַפּיטעל

### 1

דער קאָמוניזם.

איינע פון זיינע זייטיגע אויפגאַבען איז צו לייזען די אי־דישע פראגע.

איז זיין אופן פון דער לייזונג ווינשענסווערט פון א אי־דיש־נאציאָנאלען און פון אן אלמענשליכען שטאַנדפונקט?

מיר וועלען אָננעמען, אז זיין לייזונג פון דער אידען פראגע איז די אמת׳ע לייזונג. מיר וועלען אָננעמען, אז דער קאָמוניזם שאַפט אָפּ די ספּעציעלע אידישע עקאָנאָמישע צרות און אויך דעם אַנטיסעמיטיזם אין זיינע פארשידענע פאָרמען. לייזט אָבער אויך דער קאָמוניזם די אידישקייט פראַגע, די פּראָבלעם פונ׳ם אידיש־נאַציאָנאַלען קיום?

מיר זיינען בארעכטיגט צו שטעלען דעם קאָמוניזם די דאָזיגע פאדערונג, ווארום אויב ער קאָן ענטפערען בלויז אויף דער אידען־פראגע, אָבער ניט אויף דער פראגע פון דער אידישער עקזיסטענץ — איז אויך זיין ענטפער אויף דער אידען־פראגע קיין ענטפער ניט.

דאָס וואָלט געוועזן פונקט ווי א דאקטאר זאָגט צו א חולה: „יא, איך נעם זיך אונטער דיך אויסהיילען פון דיין קראַנקהייט דורך אן אָפּעראַציע. איך קאָן דיר אָבער ניט פארזיכערען, אז נאָך דער אָפּעראציע וועסטו בלייבען לע־בען . . . ״

אַ ריכטיגע לייזונג פון דער אידישער פראַגע מיינט אָפּשאַפען די אידישע קראַנקהייטען, ווי אידישע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע איבלען און דעם אַנטיסעמיטיזם, און מיט דעם צוזאַמען מאַכען מעגליך, אַז אידען זאָלען בלייבען לעבען אַלס פאָלק.
מאַכט דאָס דער קאָמוניזם מעגליך?

דער קאָמוניזם זאָגט: יאָ. דאָס אידישע לעבען אָבער אין סאָוועט רוסלאַנד גיט אונז גאָר אנאנדער ענטפער.

דער קאָמוניזם פארטייטשט „אידישקייט" אלס אידישיזם. דאָס איז די אידישע, ריכטיגער — די „אידיש פּראָלעטאַרישע" שפּראַך קולטור. דער קאָמוניזם אין רוסלאַנד וויל אַז די דאָזיגע קולטור זאָל וואקסען און בליהען (גאָר די לעצטע צייט באַמערקט זיך אַן ענדערונג צום שלעכטען). און ער באַנוגענד זיך ניט מיט ווערטער. ער האַנדעלט. ער טוט מעשים לטובת דער דאָזיגער קולטור. די סאָוועט רעגירונג גיט יערליך אויס מיליאָנען פאר איהר. דאָך וויסען מיר, אַז אלע באַמיהונגען פון דער דאָזיגער רעגירונג גייען לאיבוד; אַז די אידישע שפּראַך־קולטור האַלט אין פארשווינדען; אַז דער יונגער דור וויל פון דעם ניט וויסען; אַז די אידישע עלטערען ווילען ניט שיקען זייערע קינדער אין די אידישע שולען, טראָץ דעם וואָס די אידיש־קאָמוניסטישע מגידים האַלטען אין איין מוסר'ן זיי פאר זייער גלייכגילטיגקייט צו „אידישקייט".

דאָס זיינען די שטענדיגע ידיעות וועגען דעם צושטאַנד פון אידיש אין סאָוועט רוסלאַנד, ידיעות פון פּערזאָנען און גרופּען וואָס זיינען בפירוש פריינדליך צום סאָוועטישען רעזשים און צו זיין אידישקייט. אויב אזוי ווי איז דאָ א מעגליכקייט פאר דער אידיש־נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, לאָז זיין

אפילו לויט דער קאָמוניסטישער אויסטייטשונג פון דער דאָ־זיגער עקזיסטענץ?

און צוריק רעדענדיג, איז דען דאָ צו וואונדערען זיך אויף דעם צרה׳דיגען צושטאַנד פון דער סאָוועטישער אידיש־קייט?

דאָס אידישע לעבען אין סאָוועט רוסלאַנד האָט זיך אזוי גרינטליך געענדערט פאר די לעצטע צוואנציג יאָהר, אז עס וואָלט געווען די אומנאַטירליכסטע זאך, ווען דאָרט זאָל זיין פלאַץ פאר דער אידישער שפּראַך־קולטור. האָבען מיר דאָך א גאנץ לאָגישען קל וחומר: מה דאך אין די צארישע צייטען, ווען דאָס אידישע לעבען איז געווען פול מיט אינהאַלט, האָט זיך די אידישע יוגענד געריסען צו דער רוסישער שפּראך־קולטור, א פשיטא שוין איצט, ווען דאָס אידישע לעבען איז גייסטיג חרוב ונחרב געוואָרען — וואָס זאָל צוציהען און האַל־טען דער אידישער יוגענד ביי אידיש?

די סאָוועט רעגירונג, ווי עס ווייזט אויס, ווייסט דאָס. באַמיהט זי זיך, דעריבער, צו שאַפען פאר דער „אידישער" קולטור א מקום מקלט. דאָס איז בירא בידזשאַן. דאָרט, הייסט עס, וועט פּרעזערווירט ווערען די ביי־געבוירענע אידיש־פּראָ־לעטארישע קולטור. ווייסען מיר אבער, וואָס פאר א געקינס־טעלטער ענין דער בירא בידזשאַניזם איז. ווארום עס איז דאך אן אומזין צו שאַפען א ספּעציעלע אידישע אויטאָנאָמיע פאר סאָוועט־רוסלענדישע אידען, וואָס קיין עקאָנאָמישע און קיין קולטורעלע נויט איז ניטא וואָס זאָל זיי טרייבען אהין, בפרט נאָך ווען זי, די אויטאָנאָמיע אדער טעריטאָריע, איז ערגעץ אונטער די הרי חשך.

עס קאָן זיין, אז ביים עלטערען דור אידישיסטען טוט וויי דאָס האַרץ אויף דעם אונטערגאַנג פון זייער אידישקייט און זיי וואָלטען זעהר געוואָלט איהר ראַטעווען אין א ספּע־ציעלען מקום מקלט. פון וואנען אבער זאָל זיך נעמען אזא „אידישער" ווייטאג ביים יונגען אידישען דור אין באָלשעוויא?

און עס איז ווירקליך צו שטוינען, ווען מען זעהט דעם צוגאַנג פון קאָמוניזם צו דער אידישער פראגע. אזוי איז דער קאָמוניזם דורך און דורך מאַרקסיסטיש. קומט אבער צו אי־דישקייט איז אן עק צו זיין מאַטעריאַליסטישער וועלט אנשוי־אונג. מ'דאַרף זיין בלינד ניט צו זעהן, אז עס איז ניטא קיין לעבענס־נויט אין א באזונדערער אידישער שפּראַך־קולטור. דאך דרשה'ט מען פאר איהר און מ'שאפט מיטלען און באדינ־גונגען פאר איהר דערהאַלטונג.

דער קאָמוניסטישער פּונקט וועגען „נאציאָנאלער זעבסט־באַשטימונג" איז א גאנץ שיינער פּונקט. ער איז גוט פאר נא־ציאָנאַליטעטען וואָס האָבען זייערע טעריטאָריעס. ער האָט אָבער קיין זין ניט פאר דער אידישער באפעלקערונג. האָט קיין זין ניט, ווען די אידישע יוגענד ווערט צוזייט און צו־שפּרייט אין רוסלאנד אויף שבעה ימים; ווען די אידישע יו־גענד ווערט עקאָנאָמיש צוזאמענגעשמאָלצען מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, און באזונדערס ווען דאָס אידישע לעבען איז לחלוטין אויסגעליידיגט געוואָרען פון אידישען אינהאַלט.

פאר די צוואנציג יאָהר וואס דער קאָמוניזם מאַכט זיין עקספּערימענט איז ער אָנגעפּיקעוועט מיט סתירות און אומ־זיניגקייט, באוואוסטזיניג און אומבאוואוסטזיניג. איינע פון

זיינע גרעסטע אומזיניגקייטען אָבער איז זיין באמיהונג צו באַפעסטיגען די „אידישע" קולטור אומעטום אין רוסלאנד און צו שאַפען פאר איהר א רעטונג פּלאַץ אין בירא־בידזשאַן.

קריגען מיר א ריכטיגע באקאנטשאַפט מיט דער אידי־שער ווירקליכקייט אין סאָוועט רוסלאנד מוזען מיר קומען צום שלוס, אז דאָס רוסלענדישע אידענטום איז פאר׳משפט צום אונטערגאנג. דאָס איז דער איינציגער לאָגישער שלוס, סיידען מיר זאָלען אָננעמען, אז עס וועט צוריק אויסוואַקסען א אידען־פראגע אין סאָוועט רוסלאנד. מיינען מיינט דאָס, אז עס וועט צוריקקומען דער אנטיסעמיטיזם און די סאָוועט רעגירונג וועט איהם דערמוטיגען, אדער, לכל הפחות, דול־דען. אדער עס זאָל דערלויבט ווערען, אויב ניט דערמוטיגט ווערען די פולע פרייהייט פאר רעליגיעזער דערציהונג, העב־רעאיש, ציוניזם, קורץ, פאר דער גאַנצער „קאָנטרא רעוואָלו־ציאָנערער" אידישקייט. אין דעם ערשטען פאַל קאָן פאַרקו־מען דאָס וואָס עס קומט געוויינטליך פאר אלס א רעזולטאַט פון אַנטיסעמיטיזם: עס דערוואַכט דער אידיש־נאַציאָנאַלער באוואוסטזיין און ער געפינט שוין זיין אויסדרוק אין אמת אידישער קולטור. אינ׳ם צווייטען פאַל וועט צוריק אנטשטיין א אידישער אינהאַלט, און דורך איהם, נאַטירליך עכט אידישע פאָרמען.

ביידע השערות, אבער, ווי ווייט דאָס מענשליכע אויג איז מסוגל דורכצודרינגען די פארבאָרגענע מעגליכקייטען פון דער ווירקליכקייט, זיינען פאַנטאַסטיש. סאָוועט רוסלאנד וועט ניט דערלאָזען, אז דער אַנטיסעמיטיזם זאָל אויפשטיין תחית המתים. דאָס וואָלט געווען א טיפער ברוך אין די סאָ־

מע עיקרים פון איהר אידעאָלאָגיע פון אינטער־נאַציאָנאַליזם. נאָר אויב יאָ אַנטיסעמיטיזם, א קשיא אויף א מעשה, ווערט דאָך צוריק באשאפען א אידען־פראגע. וואָס איז שייך דער צוויטער השערה — דאָס דערלויבען פון אידישען אינהאַלט —לייגט זיך דאָס אויך ניט אויפ׳ן שכל. עס לאָזט זיך ניט אָנ־נעמען, אז דער קאָמוניזם וועט פארוואַרפען זיין געדאנק וועגען רעליגיע אלס „אפיום״ און וועט דערלויבען א פולע רעליגיע־זע דערציהונג. נאר אויב דאָס וועט פאסירען, אויב דער רע־ליגיע „סם״ וועט מיט דער צייט דערלויבט ווערען — וועט שוין ניט זיין ווער עס זאָל פון איהם „געניסען״: די אידען־פראגע וועט שוין דאמאלס זיין א געלייזטע, אבער צוזאמען מיט איהר וועט שוין זיין געלייזט די אידישקייט־פראגע. דאָס הייסט, עס וועלען שוין מער ניט זיין קיין אידען, וואָס זאָלען האָבען א אינטערעס אין אירגענד וועלכער אידישקייט.

עס איז דאָ גערעדט געוואָרען וועגען דעם אידענטום אין סאָוועט רוסלאַנד. דאָס זעלבע קאָן געזאָגט ווערען וועגען דעם אלוועלטליכען אידענטום, ווען דער קאָמוניזם, אַלס א וועלט אידעאַל, זאָל פארווירקליכט ווערען איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס הייסט, דער וועלט־קאָמוניזם וואָלט מיט זיך גע־בראַכט דעם אונטערגאַנג פון דעם אַלוועלטליכען אידענטום. אין דער קאָמוניסטישער וועלט וואָלטען עקזיסטירט דאָס רוסישע, דאָס דייטשע, דאָס ענגלישע א. ז. וו. פאָלק, אָבער ניט דאָס אידישע. נאָך מער. דעם קאָמוניזם וואָלט געווען פיל לייכטער אומצובריינגען דאָס מערב אייראָפּעאישע און אמע־ריקאַנער אידענטום ווי דעם רוסישען. עס איז פארשטענדליך: דאָס רוסישע אידענטום איז געווען פאר „מתן תורה״, פאר

דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע, רייך אין אינהאַלט — אין רעליגיע, תורה, השכלה, ציוניזם, נאַציאָנאַליזם, בעת דאָס מערב אייראָפּעאישע און אמעריקאנער אידענטום איז שוין לאַנג אויסגעליידיגט געוואָרען פון דער טראַדיציאָנעלער אי־דישקייט און זעהר ווייניג פאַרמאָגט עס פון דער וועלטליכער אידישקייט.

פון א ריין אַבסטראַקטען שטאַנדפּונקט איז דער אונטער־גאַנג פון א פאָלק קיין אומגליק ניט. אין דעם פאַל פון׳ם אי־דישען פאָלק, ווען מיר באפרייען זיך פון נאַציאָנאַליסטישען סענטימענטאַליזם, איז דאָך זיין אונטערגאַנג דער זיכערס־טער מיטעל צו מאַכען א סוף צו אומענדליכע יסורים וואָס האָבען קיין זין און קיין תכלית ניט. און דאָס איז דאָך דער גרונט־מאָטיוו פון אידישע אסימילאַנטען אין זייער אסימילאַ־ציאָנס־געדאנק. עס איז באזונדערס קיין אומגליק ניטא אין דעם אונטערגאנג פון א פאָלק, ווען דאָס קומט פאר „בנשיקה" — אָהן פיזישען און גייסטיגען צוואַנג, און אויף א לאנגזאַ־מען און נאַטירליכען אופן. און וואָלט דער קאָמוניזם אין זיין באצוג צו דער אידישער פראגע געווען לאָגיש און אויסגע־האַלטען — וואָלט ער דאָס געדאַרפט זאָגען. ער וואָלט גע־דאַרפט מכריז ומודיע זיין: „מיין לייזונג פון דער אידישער פראגע באשטייט אין דער נאטירליכער פרייוויליגער אויפליי־זונג פון דעם אידישען פאָלק". דער קאָמוניזם זאָגט דאָס אָבער ניט. פארקערט, ער באמיהט זיך צו דערהאַלטען דעם אידישען פאָלק און דאָס — אויף א ניט נאטירליכען אופן. אזוי האַנדלענדיג, איז דער קאמוניזם אדער זעלבסט־פארפי־רעריש אדער פאַרפירעריש. א תועה אדער א מתעה.

נאר וואָס איז די נפקא מינה, צי מיר וועלען יא געפינען עוולות ביים קאָמוניזם צי ניט — קלאָר דאַרף זיין פאר יעדען וואָס האָט אן אויג צו זעהן, אז אונטער א קאָמוניסטישען רזי־זשים קאָן דאָס אידישע פאָלק ניט לעבען.

אָבער דאָ איז דאָ פּלאַץ פאר דער עצם פראגע: וואָס איז טאַקע דער אומגליק אז דאָס אידישע פאָלק וועט אונטער־גייען? פאר וואָס זאָל טאקע די בנשיקה־אסימילאציע ניט זיין דער אידעאל פון די, וואָס ווילען מאַכען א סוף צו א יסורים׳־דיג לעבען וואָס ציהט זיך שוין טויזענדער יאָהרען?

די דאָזיגע פראגע וועט באַהאַנדעלט ווערען אין אן אנ־דער קאַפּיטעל. דערוויל וועט געשלאָסען ווערען דער ענין מיט דער באהויפּטונג, אז דער קאָמוניזם קאָן ניט פּרעטענדי־רען דאָס ער פארענטפערט די אידען־פראגע, כל זמן ער לייזט ניט, בשוגג אדער במזיד, די אידישקייט־פראגע, די פראגע פון דער אידיש־נאַציאָנאלער עקזיסטענץ.

.2

דער ציוניזם.

ער איז בכח צו ענטפערען אויף דער אידישקייט־פראגע לויט ווי אחד העם און אנדערע וועלטליך־נאציאָנאלע אידען פאַסען איהר אויף. ער איז אויך ביכולת צו לייזען טיילווייז די אידען־פראגע, אויף וויפיל ער מאכט מעגליך, אז טיילען פון דעם אלוועלטליכען אידענטום זאָלען זיך באזעצען אין ארץ ישראל און פיהרען א זעלבסטשטענדיג עקאָנאָמיש־פּאָ־ליטישען לעבען. ער איז אבער ניט ביכולת צו לייזען די אי־

דען־פראגע לויט ווי הערצל האט איהר פארשטאנען. דאס הייסט פולשטענדיג אפשאפען די עקאנאמישע איבלען פון דעם גלות־אידענטום און דעם אנטיסעמיטיזם.

ארץ ישראל האט שוין ביז אהער געמאכט מעגליך די אנטוויקלונג פון דער העברעאישער שפראך־קולטור און אויך א געוויסען סארט אידישען לעבענסשטייגער. און עס קאן גאר קיין ספק ניט זיין, אז וואס מער ארץ ישראל וועט זיין אידיש באפעלקערט, אזוי זיכערער וועט דארט זיין די אידיש־נאציאנאלע עקזיסטענץ. ארץ ישראל קאן אבער ניט ארייננעמען און אבסארבירען די מיליאנען אידען וואס נויטיגען זיך אין דעם און געוויס קאן ארץ ישראל ניט אפשאפען דעם אנטיסעמיטיזם אין די לענדער וואו ער געפינט זיך.

ארץ ישראל האט דאס ניט געקענט טאן פאר די לעצטע צוואנציג יאהר אונטער דער באלפור דעקלאראציע, צוליב גוט באוואוסטע סבות. זי וועט דאס אויך ניט קענען טאן שפעטער, ווען זי וועט ווערען לויט'ן חלוקה פלאן א מלוכה־מדינה, מיט אויסגעברייטערטע גרעניצען. דאס מאקסימאלסטע וואס מיר קענען פון איהר דערווארטען איז, אז אין די קומענדע צוואנציג, פינף און צוואנציג יאהר זאל זי ארייננעמען צוויי־דריי מיליאן אידען. דר. וויצמאן האט אין זיין אפיעל צום צוואנציגסטען ציוניסטישען קאנגרעס אנצונעמען דעם חלוקה־פלאן — מדקדק געווען און גערעדט פון בלויז צוויי מיליאן. מיר וועלען זיך ברייטהארציגער און מוסיף זיין נאך א מיליאן.

צוויי־דריי מיליאן אידישע נפשות זיינען גאר קיין קלייניגקייט ניט. דורך זיי וועט ארץ ישראל זיין פולשטענדיג באַרעכטיגט צו באצייכענט ווערען אלס א אידישע „מלוכה־

מדינה". דאַרף מען אָבער דערביי אין זינען האָבען, אז אין דעם מאָמענט וואָס מיר וועלען זוכה זיין צו האָבען אַזאַ צאָל אידען אין ארץ ישראל, וועט דאָס אידישע פאָלק אין דער וועלט ציילען פון צוואנציג ביז פינף און צוואנציג מיליאָן.

דאָס וועט מיינען, אז די אידישע מדינה וועט אַנטהאַלטען בלויז איין צענטעל פון דער אידישער נאַציע, א זאך וואָס מיר געפינען ניט ביי קיין אומה ולשון. דאָס מיינט, אז דער גלות וואָס דער ציוניזם באצוועקט צו אָפּשאַפען וועט ווייטער פאַר־בלייבען און מיט איהם — אלעס וואָס מיט איהם איז פאַר־בונדען.

און וואָס מער מיר וועלען אין אונזער פאָרשטעלונגס־קראַפט פאַרגרעסערען דעם חשבון פון אידען אין ארץ ישראל, אזוי וועלען מיר מוזען פארגרעסערען פראָפּאָרציאָנעל דעם חשבון פון אידען אין די גלות לענדער. און מיר וועלען סוף סוף מוזען קומען צו דער אַנערקענונג, אז ווען עס וועט קו־מען דער מאָמענט, ווען די גרעסטע מערהייט פון דער ארץ ישראל באַפעלקערונג וועט זיין די אידישע, וועט די גרעסטע מערהייט פונ'ם אידישען פאָלק לעבען אין גלות.

די דאָזיגע באַטראַכטונג באַצוועקט כלל ניט גרינגצושע־צען דעם ציוניזם. אויף וויפיל ער ענטפערט טיילווייז אויף דער אידישער פראגע; אויף וויפיל ארץ ישראל, לאָמיר האָ־פען, וועט געבען צו הונדערטער טויזענטער, אויב ניט מיל־יאָנען אידען, ברויט און ארבייט און זעלבסטשטענדיגקייט — דאַרף דער ציוניזם דינען אלס דער קוואַל פון אידישער באַ־גייסטערונג און דער צענטער פון אידישער ענערגיע און אקטיוויטעט. די פראגע אָבער וואָס מיר זיינען באַרעכטיגט

צו פרעגען איז: קאָן אויך ארץ ישראל דינען אלס דער אידע־אלער גייסטיגער צענטער? איז דער קולטורעל־נאציאָנאַלער קיום וואָס ארץ ישראל פארזיכערט אונז דער געווינשטער?

דער ציוניזם, סיי דער „אלגעמיינער", סיי דער ארביי־טער־ציוניזם, ענטפערט אויף דעם מיט א זיכערען „יאָ". מיין ענטפער איז: „ניין".

„ניין" — אויב די נאציאָנאַל־קולטורעלע רענעסאַנס אין ארץ ישראל וועט זיין א כאַראַקטעריסטיש־וועלטליכע ווי זי איז איצט.

איך וועל דאס נאך מער באטאנען: א וועלטליכע, א ככל הגויים׳דיגע ארץ ישראל איז ניט קיין נאציאנאלע „תחיה", נאר א נאציאנאלע דעגראדאציע.

די דאזיגע באהויפטונג ביי דער איצטיגער צייט, ווען ארץ ישראל איז געווארען ליב און טייער יעדען שיכט פון דעם אידישען פאָלק, וועט אויסקוקען חוצפה׳דיג. זי איז אפשר ביכולת ארויסרופען די טיפסטע אנטריסטונג צווישען די ציוניסטישע קרייזען, און די דאזיגע אנטריסטונג וועט זיין פולשטענדיג בארעכטיגט פון דעם אָנגענומענעם ציוניסטי־שען שטאַנדפונקט.

איך פיל דאריבער פאר נויטיג צו געבען א ברייטערע דערקלערונג וועגען דעם דאזיגען ענין און דאס צווינגט מיך זיך צוריק אומקערען צו דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

.3

די וועלטליך־נאציאנאליסטישע אידען זיינען מודה, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט האט דערהאלטען דעם אידישען

פאלקביים לעבען דורך זיין צוויי טויזענט יעהריגער געשיכטע. אין דעם זעהן זיי איהר הויפט, אדער איינציגע חשיבות. זיי פארזעהן אבער איהר עיקר פארדינסט: זי האט מגדל געווען א העכערען און שענערען טיפ מענשען.

עס האט גענומען פילע הונדערטער יאהרען ביז איהר איז דאס געלונגען. מיר געפינען, למשל, אין דער תקופה פון בית ראשון דערשיינונגען און האנדלונגען וואס שטעלען ארויס אידישע יחידים, מלכים און כהנים, און גאנצע פאלקס־שיכטען גאר ניט אין קיין שיינער ליכט. ווען דער טיפ מענש וואס מיר רופען „איד" איז שוין אבער פארטיג געווארען, האט ער מיט זיך פארגעשטעלט ניט נאר אנאנדער טיפ אין דעם נאציאָנאל־עטנישען זין, נאר אויך אינ'ם סאציאַל־עטישען. אנאנדער און א העכערער טיפ.

שמואל דוד לוצאטו (שד"ל), דער געפילפולסטער אידיש־רעליגיעזער דיינקער אין דעם פאריגען יאהר הונדערט, איז געווען דער איינציגער, אדער דער אויסגעשפראָכענסטער אין זיין דור, וואס האט דאס אנערקענט. ער האט דאס דערשפירט די אויבערפלעכליכע פארפירערשע שיינקייט פון וועלטליכקייט; איהר ווינטיגקייט און צופעליגקייט; איהר אונמעגליכקייט צו דינען אלס א שטיץ־פונקט, אלס א מורה דרך פאר דעם יחיד און געזעלשאפט אין דעם מורא'דיגען פלאנטער און כאָאס פון די לעבענס־פראָבלעמען. און באזונדערס האָט ער דערשפירט די שעדליכקייט פון וועלטליכקייט אין שייכות מיט דער אידישער אייגענטימליכקייט. און אין דער צייט ווען דער השכלה און אסימילאציאָנס אידעאל האָט פארכאפט די אידישע אינטעליגענטע שיכטען האָט ער אַמשאַרפסטען ארויס־

געבראכט די אידישע אנדערשקייט, די אידישע שענקייט פון דעם סאציאל-עטישען שטאנדפונקט.

אין זיינע בארימטע אפהאנדלונגען וועגען יודענטום (מחקרי היהדות), לערנט אונז שד"ל, אַז דער תמצית פון יודענטום, אדער „אבראמיזם" אין זיין לשון, דריקט זיך אויס הויפטזעכליך אין דער מדה פון אקטיווען רחמנות, אין דער פאדערונג צו העלפען דעם צווייטען.

קיין חידוש אינ'ם עצם געדאנק האָט שד"ל ניט אנטדעקט. נאך הלל הזקן האט דאס אויסגעדריקט אויף זיין שטייגער, ווען ער האָט פראָקלאַמירט, אז דער „ואהבת לרעך כמוך" איז דער יסוד און תמצית פון דער תורה. דער חידוש פון שד"ל באשטייט אין דער ליידענשאפטליכקייט מיט וועלכער ער האט דערקלערט דעם דאזיגען תוך פון אידישקייט, און אין די פילע ראיות וואס ער האט געבראכט צו באַ'אמת'ן זיין געדאנק. שד"ל'ס שנאה צו שפינאזא'ן האָט זיך גענומען ניט אזוי צוליב דעם וואס שפינאזא האט אזוי פארשידען אויסגעטייטשט דעם ענין פון גאָטהייט אין פארגליך מיט דעם וואָס דער תנ"ך, תלמוד, א. ז. וו. האָבען דאָס אויסגעטייטשט—נאר צוליב דעם וואָס שפינאזאַ האָט פאראכטעט דעם רחמנות געפיהל. און אויך שד"ל'ס ביטערע געגנערשאפט צו שפינאזאָ'ס אויסטייטשונג פון גאָטהייט קוועלט ארויס פון דעם זעלביגען מאָטיוו. מער מיט זיין טיף אידיש-מענשליכען חוש ווי מיט לאָגיק האָט זיך שד"ל דערשלאָגען צום געדאנק, אז כפירה, אַטעאיזם, אדער דאָס אוועקרויבען פון גאָט יעדען פערזענליכען עלעמענט, דאָס פארוואנדלען איהם אין א געוויסער אויסגעפלפול'טער אבס־טראַקציע — מוז שטופענווייז אָפּשוואַכען און ענדליך אין גאַנ־

צען אָפּטויטען דאָס שענסטע און הייליגסטע וואָס די מענש־ליכע פערזענליכקייט פארמאָגט. דאָס איז — די מדה פון רחמנות און די פארשידענע מעשים וועלכע די דאָזיגע מדה באוועגט צו טאָן.

לויט שד״ל׳ס דערקלערונג באצוועקט ניט די תורה לכתחלה איינפלאנצען אינ׳ם מענשען די רחמנות־מדה, די גרייטקייט צו העלפען דעם צווייטען. די תורה אנערקענט, אז די דאזיגע מדה איז אן איינגעבוירענע אייגענשאפט צוזאמען מיט אנדערע גוטע און שלעכטע אייגענשאפטען פון דעם דורכשניטליכען גייסטיג־געזונטען מענשען. וואָס זי באַ־צוועקט איז צו פלעגען די דאזיגע מדה, איהר פארשטאַרקען און פארטיפען, און צוליב דעם פאדערט זי פונ׳ם מענשען געוויסע מעשים וואס זאלען ווערען געוואוינהייטען. דאס איז, ווי באוואוסט, א פונדאמענטאלער פרינציפ אין דער פעדאגאָ־גישער וויסענשאַפט. אויך באצוועקט די תורה צו באַשיצען די דאזיגע מדה פון שעדליכע השפעות וואס הערשען אינ׳ם ארום און אינ׳ם מענשען גופא.

די תורה אידישקייט האט אין דעם אידען אנטוויקעלט נאָך א מדה וואָס איז א נאָהענטע קרובה צו רחמנות. דאָס איז די מדה פון שלום. און עס וועט ווידער ניט זיין קיין גוזמא׳עדיגע באהויפטונג, אז צווישען די שלום־ליבענדע פעלקער איז דאס אידישע פאלק דאס שלום ליבענדסטע. אוודאי קען מען די דאזיגע מדה דרשה׳נען לגנאי, און אזוי ווערט זי טאקע געדרשה׳ט אין אנטיסעמיטישע קרייזען. עס איז אויך לייכט צו געפינען אנדערע סבות, חוץ די תורה־סבה, און זעהר וויכטיגע, פאר דער אנטשטייאונג און וואוקס פון

דער אידישער שלום אייגענשאפט. דאס מאכט אבער ניט אויס. געגוג איז די אנערקענונג, אז דאס אידישע פאלק באַזיצט צו דער העכסטער מדרגה די מדה פון שלום, פון פאַציפיזם — די מדה וואָס ווערט באטראכט פון די איידעלסטע גייסטער פון דער מענשהייט אלס די הייליגסטע און שענסטע און גרינטליכסטע פאר דער עקזיסטענץ פון אן עטישער און גליקליכער מענשליכער געזעלשאפט.

האנד און האנד מיט די מדות פון רחמנות און שלום גייט שוין ביי אידען די גרענעצלאזע שנאה צום „כח האגרוף", צו ברוטאליטעט, צום פרינציפ פון „מאכט איז רעכט", וואס איז די לעצטע יאָהרען גאָר אויף א באזונדער אופן דערהויבען געווארען אי ביים קאמוניזם, אי ביים פאשיזם. דער איד האסט דעם דאָזיגען פרינציפ מיט אלע ציטערען פון זיין נשמה. און מיט דעם דאזיגען געפיהל זיינען שוין פארבונדען די געפיהלען פון ליבע און כבוד צו „שלטון הרוח", צו גייסטיגקייט. תורה און חכמה, שיינע מדות און מעשים טובים—דאס איז דער אידעאל פונ'ם אידען. גייסטיגקייט—בלויז אין איהר געפינט דער אמת'ער תורה־רעליגיע איד דעם זין און תכלית פון דעם מענשליכען לעבען.

רחמנות, שלום, דרך ארץ פאר גייסטיגקייט—קאנקרעטיזירט אין די פארשידענסטע פארמען פון צדקה און גמילות חסדים, אין לימוד התורה און אהבת התורה און כבוד התורה; שנאה צו רויער ברוטאלער מאכט, די שנאה וואס אנטפלעקט זיך אין אן אַקטיווען ווידערשטאַנד און קאַמף, ווען די תנאים (די אומשטענדען) דערלויבען דאָס (דער חשמונאים־קאמף, דער קנאים־קאמף, דער בר־כוכבא קאמף), אדער די שנאה

וואָס דריקט זיך אויס אין פאסיווען אבער בייזען־עקשנות׳־דיגען ווידערשטאַנד, אין מסירת נפש און מארטירערטום — ווען די תנאים דערלאָזען ניט מער קיין קאמף; און ועל כלם, דער אײביג לייכטענדער און מוטיגענדער חלום פון „ותעבור ממשלת זדון מן הארץ״, אז רויע מאכט און טיראנייע וועלען אָפגעווישט ווערען פון דער וועלט — דאָס זיינען די אידיש־מענשליכע אייגענשאַפטען פון דעם אידען וואָס זיינען געדאנק־ליך און נשמה׳דיג דורכגעדרונגען מיט׳ן גרונט־תוך פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

נאר דא איז צו דערווארטען א צאל אויסזעצונגען געגען די באהויפטונגען וואס זיינען דא געמאכט געווארען.

מען וועט זאגען: אט די אלע שיינע מדות זיינען ניט גראדע אידישע. אויך אנדערע רעליגיעס לערנען זיי און אויך סתם עטישע מענשען, ניט קיין רעליגיעזע, פריידיגען זיי. דאס איז אמת. דארף אבער דערביי אנערקענט ווערען, אז דא רעדט זיך ניט בעיקר וועגען לערע, נאר וועגען פראקטיקע. ניט נאר איז אידישקייט אין איהר עצם א עטישע, נאר דאס אידישע פאלק האט איהר פאר טויזענטער יאהרען פראקטי־צירט. ווייל, און דאס דארף אומאויפערליך באטאנט ווערען, קיין פאלק אין דער וועלט האט אזוי גרינטליך און אזוי בלבב שלם׳דיג מקיים געווען די מצוות וואס פאלגען ארויס פון יענע עטישע געדאנקען—ווי דאס אידישע פאלק. און אפילו די מצוות, זאל דאס דא דערמאנט ווערען, וואס האבען, אויבער־פלעכליך קוקענדיג, קיין שייכות ניט מיט יענע מדות, זיינען בעצם צוליב דעם צוועק פון „לצרף את הבריות״ — לייטערען, גייסטיגען, מכשיר זיין דעם מענשען צו ריינע מדות און

מעשים טובים. וואָס איז שייך גייסטיגקייט בכלל, וועט ווידער ניט זיין קיין איבערטרייבונג אין דער באהויפּטונג, אז קיין פאָלק האָט זיך ניט אָפּגעגעבען מיט גייסטיגקייט, (רופט דאָס „קולטור") ווי דאָס אידישע פאָלק — מיט זיין גייסטיגקייט — מיט זיין תורה.

עס וועלען זיך געפינען פילע וואס וועלען זאגען: עס איז נאך א פראגע, צי יענע אויסגערעכענטע מדות זיינען לויבענס־ווירדיגע מדות. אנדערע זאגען בפירוש אז זיי זיינען חסרונות. די איבערפליסיגע אידישע גייסטיגקייט, למשל, איז א חסרון און אן אומליק. זי האט געמאכט דעם אידישען פאלק פאר א בטלניש פאלק. זי האט איהם אוועקגעריסען פון עולם הזה, פון דער ערדישער ווירקליכקייט מיט איהרע לעבענדיגע אינטערעסען און פראבלעמען און איהם פארטראגען אין עולם הבא, אין דעם טראדיציאָנעלען זין און אין עולם הבא וואָס מיינט עולם הדמיון. דאָס זעלבע איז מיט'ן פאסיפיזם. ער איז געווען אן אומגליק פאר'ן אידישען פאָלק, הן ווען ער האָט נאָך פארמאָגט זיין אייגען לאנד, אין די תקופות פון בית ראשון און בית שני, הן אין די גלות תקופות.

די דאזיגע אויסזעצונגען געגען דער אידישער גייסטיג־קייט און פאסיפיזם ווערען געמאכט מיט צארן און גאליגקייט פון דעם משכיל'ישען פאָעט י. ל. גארדאן אין זיינע פאָעמען „צדקיהו בבית הפקודות" און „בין שני אריות"; פון דעם נאציאנאליסטיש־„העלעניסטישען" פאעט שאול טשערניכאוו־סקי אין זיינע פארשידענע „כנענישע" און „גריכישע" גע־דיכטען; פון דעם פאבליציסט־דערציילער מיכה יוסף באר־דיטשעווסקי אין דער יונגער, שטורמדיגער פעריאדע פון זיין

ליטעראַרישער טעטיגקייט, און פון דעם דערציילער־פּאבלי־ציסט י. ח. ברענער אלע זיינע יאהרען. דער לעצטער האט זיך באַזונדערס אויסגעצייכענט מיט זיין פאַרביטערטקייט גע־גען דער אידישער „בטלנות״, „פוילקייט״, „מנחם מענדעל־שער״ לופטיגקייט און שווערמעריי.

דערצו דאַרף צוגעגעבען ווערען, אַז אַ זעהר חשוב׳ען פּלאַץ אין דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע פאַרנעמט די שנאה צום „גלות״ ניט נאָר ווייל ער שטעלט מיט זיך פאָר צו־שפּרייטקייט, באַדענלאָזיגקייט, אַנטיסעמיטיזם, אייביגע אומ־זיכערקייט, א. ז. וו.—נאָר ווייל ער איז דער קוואַל פון אידישער „בטלנות״ און „עולם הבא׳דיגקייט״. אחד העם גיט נאָך צו צו דעם: „די פאַרשטיינערקייט פון דער אידישער הארץ״, „דאָס אַרויספליהען פון דער אידישער נשמה און איהר פאַרגליווערונג אין דעם ספר״.

אויף דעם זאָל דאָ באַמערקט ווערען:

אָננעמענדיג אַז די באַהויפּטונגען פון די פאַרשטייער פון דער וועלטליכער אידישקייט זיינען ריכטיג, דאָס הייסט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז באמת „פאַרשאָלטען״ געוואָרען דורך יענער שעדליכער איבערפליסיגקייט פון די אויסגערעכענטע מדות (דאָ שפּעטער וועט באַוויזען ווערען, אַז אונזערע וועלטליכע אידען האָבען פיל פיל מגזם געווען אין זייערע באַהויפּט־ונגען וועגען דער „איבערפליסיגקייט״)—איז נאָך אַ פראַגע צי זייער עצם קוק אויף דעם איז אַ ריכטיגער. דאָס הייסט, עס איז אַ פראַגע, צי די אידישע איבערפליסיגע „עולם הבא׳־דיגקייט״, „גייסטיגקייט״, „פּאַסיפיזם״, „בטלנות״ און אַלץ וואָס קאָן אין די דאָזיגע טערמינען איינגעשלאָסען ווערען—

זיינען באמת שעדליך און מיאוס און אומנארמאל. עס גע־ווענט זיך ווי מען קוקט אויף דעם. עס געווענט זיך אין דער דערציהונג, געשמאק, געדאנקען־גאנג, לעבענס דערפארונגען פון די וואס טרעטען צו צו דער פראגע.

איינעם, צום ביישפיל, געפעלען די ניט־אידישע „העלד־ישע" פעלקער פון די אמאליגע און היינטיגע צייטען וואס האבען אין זיך קיין ברעקעל ניט פון „בטלנות", „עולם הבא־דיגקייט", א. ז. וו. עס געפעלען איהם די גריכישע ספארטאנער וואס האבען זייערע עופה'לאך, ווי באר זיי זיינען אנערקענט געוואָרען אלס שוואך, איבערגעלאָזען געוואָרען אויף די פעלזען און טאָלען צו פארניכטעט ווערען; עס געפע־לען איהם די העלענען בכלל און די אלע פעלקער וואָס האָ־בען זיך געפונען אונטער זייער "ציוויליזירענדען" איינפלוס, וועלכע האָבען געלעבט אויף שקלאפעריי, און קיין „שוואכ־הערציגקייט" האָט זיי ניט אפגעהאַלטען צו מאכען זייערע שקלאַפען פאר בעלי־מום, אדער זיי צום טויט פארמוטשען; עס געפעלען איהם די רוימער, וואָס האָבען זיך צושמאָלצען פון פארגעניגען, זעהענדיג ווי מענשען־קינדער ראנגלען זיך אין אמפי־טעאטער מיט אויסגעהונגערטע לייבען.

און אויב עס רעדט זיך שוין וועגען די ניט־אידישע, „ניט־בטלנישע" פעלקער קען מען אויך דערמאנען די קריסט־ליכע פעלקער וואס האבען פאר הונדערטער יאהרען דורכ־געפיהרט קרייצצוגען, אינקוויזיציעס, בארטאָלמייער־נעכט, גע'משפט מענשען דורך „ארדיעלס", געפיהרט דרייסיג־יעהריגע קריג, אויסגעקוילעט און אויף אייביג פארקריפעלט

מיליאָנען מענשען, אַט דאָ ערשט נעכטען, פאר אונזערע איי־
גענע אויגען, אין דעם וועלט־קריג.

און איהר קאנט נאך גיין ווייטער: אט דא ערשט איז גע־
שאַפּען געוואָרען דער שוין גאר „ניט בטלנ׳ישער״ קאָמוניזם,
וואָס כדי צו בריינגען דעם גן עדן אויף דער וועלט האָט ער גע־
מאַכט עקספּערימענטען מיט צענדליגער מיליאָנען מענשען יונג
און אַלט, און אויף זיי געבראכט טויט, הונגער און קעלט און
שמוץ און כל המינים קראנקהייטען און גיהנום׳דיגע יסורים
און עד היום האלט ער אין איין שיסען רעכטס און לינקס פאר
יעדען זעלבסטשטענדיגען געדאנק, פאר יעדען „אפּנויג״; און
אט דא ערשט איז אנטשטאנען דער היטלעריזם וואס פונקט
ווי דער קאמוניזם באטראכט ער מענשען אלס מיסט און
שטויב, האָט צוריקגעבראכט פאר א טייל פונ׳ם אידישען פאָלק
דעם מיטעלאלטער און האלט די גאנצע וועלט אונטער דעם
קאשמאר פון א נייער וועלט מלחמה.

און דארפען מיר דערמאנען איטאליע, שפאניען, פוילען,
רומעניען?

דאס איז אלץ די ניט־אידישע, די בפירוש ניט בטלנישע
וועלט פון אַמאָל און היינט. איינעם געפעלט די דאָזיגע וועלט.

אנאנדערען אבער געפעלט גראדע דאס אידישע פאלק.
דאס פאלק וואס האט בלויז אין זיין פריהסטער יוגענד־
תקופה פארמאגט דאס „העלדישע״, דאס „כנענישע״ בלוט,
וואָס ווערט אזוי שיין באַזונגען פון טשערניכאָווסקין און
בארדיטשעווסקין, מיט דער צייט אבער האָט ער זיך דער־
צויגען אויף דער „צוקראכענקייט״ פון גייסט, פון א עמוס,
א ישעיהו, א ירמיהו; האט זיך אנגעזאפט מיט דער „בטלנות״

פון א הלל און א בן זכאי; מיט דער „נשמה פארשטייענערטקייט" פון א רבי עקיבא און בן יוחאי, פון די רש"י'ס און בח"יי'ס און הלוי'ס און של"ה'ס, און גאר לעצטענס—מיט דער „עולם הבא'דיגקייט" פון א בעל שם, א רבי עקיבא אייגער און א „חפץ חיים".

און רעדט מען דא וועגען געשמאק און געדאנקען־גאנג קאן מען נאך ציהען ווייטער די פארגלייכונגען פון דעם סארט:

איינער ווערט נתפעל פון דעם מאדערנעם אידישען אגי־טאטאר וואס דרשה'ט (אדער שרייבט) יומם ולילה וועגען דער „מענשהייט", אדער וועגען דעם „קלאַס", דער „נאציאָן"; דרשה'ט אין א געשליפענער, מליצה'דיגער שפראך. און דער איינער וואָס הערט דאָס, אדער לייענט דאָס ווערט נתפעל פון דעם, צי ער פיהלט אדער פיהלט ניט, אז דער דאָזיגער מאדערנער מגיד איז פוסט און וויסט, אז זיין לשון איז א נוסח, א שאבלאָן־זשאַרגאָן (א „קלאַסען־קאמף" זשאַרגאָן אדער א פאטריאטיש־נאציאנליסטישער). נאך מער. ער ווערט נתפעל, צי ער ווייסט אדער ווייסט ניט, אז ביי דעם דאָזיגען מגיד, וואס רעדט וועגען ראטעווען די וועלט אדער די נאציאָן, איז שוין לחלוטין אטראפירט געווארען דאס מענשליך־אייגענ־טימליכע, דאס אריגינעל־נשמה'דיגע, דאס עכט־נאטירליכע אין איהם; אז ער האט ניט קיין געפיהל פון סימפאטיע, קיין פארשטענדעניש ניט, קיין דרך ארץ ניט פאר דער מענשליכער פערזענליכקייט, פאר'ן יחיד.

אנאנדערען אבער געפעלט דוקא דער אמאליגער „אומ־באוואוסטזיניגער" פאלקס־איד. דער איד וואס האט ניט געוואוסט פון דער מענשהייט, פון דעם קלאַס, פון דער נאציאָן,

דער איד וואס האט אפילו קיין לשון ניט געהאט, וואס האט זיך געמוזט באנוצען מיט „מע" און „בע" און מיט די אנדערע תנועות און העוויות וואס מענדעלי מוכר ספרים האט ביי איהם געפונען. דערפאר אבער האט דער דאזיגער איד גע־האט א הארץ וואס האט אין איהם „געברומט" (שד"ל'ס אָפטער אויסדרוק) פאר יעדער מענשליכער באשעפעניש, און דאָס דאָזיגע „ברומען" האָט איהם צורוה ניט געלאָזען און איהם אומאויפערליך באוועגט אויסצוהאלטען מיט זיינע ארימע גראשענס בקור חולים'ס און בתי־יתומים, און מושב זקנים'ס און מלבוש ערומים'ס און הכנסת כלה'ס און תלמוד תורה'ס, און ישיבות און נאך און נאך. און דאס אלץ—אהן צוואנג, אהן „פאבליסיטי", און אהן באנקעטען און אהן געשרייען „צו־ראטעווען דאס אידישע פאלק".

נאר ווי שוין באמערקט, צי דער וועלטליכער קוק אויף די באזונדערע אידישע מדות איז ריכטיג, צי דער אידישער קוק, איז א ענין וואס האט צו טאן מיט א וועלט־אנשויאונג בכלל, און ניט גראדע מיט דער אדער יענער אידישער וועלט־אנשויאונג. טאָלסטאָי, למשל. (זאָל דאָ דרך אגב דערמאנט ווערען) אין זיינע מיינונגען וועגען קונסט, אדער גאַנדי לויט זיין וועלט־אנשויאונג אין שייכות מיט ציוויליזאציע, זיינען פיל פיל נעהנטער צו דעם תורה־שטאנדפונקט ווי אונזערע אייגענע משכילים און נאציאנאליסטען.

דאס איז אלץ גערעדט, ווען מיר נעמען אן, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט (אדער דער „גלות") האָט געמאכט דעם אידישען פאלק „בטלנות'דיג" און „עולם הבא'דיג", ווי די־

וועלטליכע אידען ווילען האבען. איז אבער די גאנצע מעשה א ליגען.

דאָס אידישע פאָלק קאָן באטראכט ווערען אלס א „בטלנות'דיג" און „עולם הבא'דיג" פאָלק, ווען איהר נעמט אן א בפירוש ניט־אידישען קריטעריום. ער איז אבער ערדיש, עולם־הזה'דיג, ווען איהר קוקט אויף איהם פון א געזונטען, ריין־מענשליכען שטאַנדפונקט.

דאָס אידישע פאָלק האָט פון אייביג אן געהאט א גוואלדי־גען דרך ארץ פאר „ישובו של עולם"—איינער פון די גע־ווייגליכסטע אויסדרוקען אין דער רעליגיע־ליטעראטור. דער איד האט ליב געהאט דאס ערדישע לעבען מיט אלע זיינע חושים. און ווי נאר מען האט איהם ניט געשטערט האט ער פון דעם דאזיגען לעבען הנאה געהאט ניט ווייניגער, אויב ניט מער, פון דעם ניט־אידען. דאָס אידישע פאָלק האָט קיין מאל ניט ארויסגעגעבען פון זיך סעקטעס פון נזירים, פון אסקעטען. „פריה ורביה", געשיטצט אויף'ן פסוק „לא לתהו בראה—לשבת יצרה", איז די ערשטע מצוה. און דער גרויסער אמורא אין בבל, איינער פון די לייטענדסטע גייסטער פון דעם אידענטום—רב האָט זיך פארגינט צו זאָגען: „עתיד אדם ליתן את הדין על כל מה שראתה עינו ולא אכל". אין א פרייער איבערזעצונג הייסט דאס, דער מענש פארדינט באקומען א שטראף ווען ער האט ניט גענאסען פון דעם וואס זיין אויג האט געזעהן און דאס הארץ האט געגלוסט.

און איז דען נויטיג צו ברייגגען ראיות פון דער אידישער געשיכטע, אז אידען האָבען, ווי נאר זיי האָבען געהאט די מעגליכקייט, ניט נאר געזוכט צו באפרידיגען זייערע עלע־

מענטארע עולם־הזה׳דיגע באדערפעגישען, נאר אויך געזוכט צו בא׳טעם׳ען און פארשענערען זייער לעבען מיט כל המינים לוקסוסען (רבנים פלעגען אויף דעם אפט קלאגען)? און איז דען ניט באוואוסט אז חסידות האט צוזאמען מיט איהר רוף צו „ביטול היש״, צו מתדבק זיין זיך מיט מיסטעריעזע וועלטען— אויך געפאדערט און געלערענט צו פארטרייבען עצבות און מרה שחורה און פארברייגגען וואס מער אין שמחות, אין עסען און טרינקען, אין זינגען און טאנצען?

און פונקט ווי עס איז א ליגען, אז דער תורה־איד האט מזלזל געווען אין עולם הזה, אזוי איז אויך א ליגען און א בלבול (וואס איז, אומבאוואוסטזיניג, איבערגענומען געווארען פון אנטיסעמיטען), אז אידען זיינען פויל, אז זיי האבען ניט ליב צו ארבייטען.

פאר טויזענטער יאהרען, הן אין זיין אייגען לאנד, הן אין די גלות לענדער האט דער איד געארבייט שווער און ביטער. אין ארץ־ישראל און בבל, אין שפאניע און איטאליע און אויך אין אנדערע לענדער איידער עס זיינען אנגעקומען די פינסט־ערע יאהרען פונ׳ם מיטעלאלטער—האט דער איד זיך אפגע־געבען מיט ערד ארבייט אין פעלד און מיט מלאכות אין שטאט. און ניט נאר האבען פאלקס־מענשען, „עמי הארצים״, געארבייט, נאר אויך „תלמידי חכמים״. פאקטיש איז פאר הונדערטער יאהרען געווען פארבאטען פאר רבנים און תלמידי חכמים צו מאכען זייערע קענטעגישען פאר א פרא־פעסיע, פאר א „קרדום לחפור בו״. (דער אויסדרוק „קרדום לחפור—א גראב־אייזען צו גראבען איז גענוג כאראקטעריס־טיש און באלערענד). ערשט ווען די ניט אידישע פעלקער

האבען פארטריבען דעם אידען פון פעלד און אויסגעריסען פון זיין האנד יעדער מלאכה, האט ער געמוזט ציהען זיין חיונה פון דער „לופט". דאָס, נאטירליך, האָט שוין געענדערט זיין באציהונג צו פראדוקטיווער ארבייט. די באציהונג איז שוין מער ניט געווען אין אנקלאַנג מיט די תורה־אויסדרוקען ווי „אהב את המלאכה ושנא את הרבנות", „גדול הנהנה מיגיע כפיו יותר מירא שמים", און דאס גלייכען.

מיט דעם אבער וואס די ניט־אידען האבען פאראורזאכט, אז דער איד זאל אנהויבען מבזה זיין „גראבע" פיזישע ארבייט, האבען זיי איהם ניט געמאכט פויל. דער אידישער קרעמער, דער אידישער סוחר, דער „מנחם מענדעל" איז ניט וויניגער ארבייטזאם און פלייסיג פון דעם פויער און בעל מלאכה. מ'־ דארף אבער געדיינקען, אז צו דער פיזישער ארבייט פון דעם אידען זיינען אויך צוגעקומען קאפ ווייטאג און ערגערניש און שטענדיגער „הוהא".

באצייכענען דעם אידען וואס „רעדט זיך איינ די גאל" אום אריינצושלעפען א קונה, דעם אידען וואָס באמיהעט זיך צונויפפיהרען „א וואנט מיט א וואנט" — אלס א פוילע באַ־ שעפעניש, האָבען נאָר געקענט „זיידענע יונגע לייט" און משכילים וואָס האָבען ניט געהאט די אינטעליגענץ צו דער־ גרונטעווען זיך צו דער תהום'דיגער טראגעדיע פון דעם אי־ דישען לעבען אין דער ארומיגער ניט אידישער וועלט. דאָס האָבען אויך ניט געקענט געגוג באגרייפען אפילו אונזערע מאָדערנע טיף פיהלענדע און אמת ליידענדע וועלטליכע מוסר־ זאגער פון דעם טיפ פון י. ח. ברענער. ווען זיי וואלטען דאס באגריפען—וואלטען זיי דעם „אומפראדוקטיווען" קרעמעריל

ניט געהאסט און מבזה געווען, נאר געווען אנגעפילט צו איהם מיט א ים פון רחמנות און אויך געהאט כבוד פאר איהם. יא, כבוד—פאר דער שפע פון ענערגיע און וויטאליטעט וואס דער דאזיגער איד פארמאגט. כבוד פאר דער אומפאר־גלייכליכער זעלבסט אפערונג מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעצייכענט אום צו פארזארגען זיין ווייב און קינדער מיט א שטיקעל ברויט. און באזונדערס כבוד צו דעם פאלקס־מענשען פאר זיין נשמה׳דיגקייט און אידעאליזם אין שייכות מיט תורה און צדקה, מדות וואס דער ביטערער רויער קאמף פאר עקזיסטענץ האט קיינמאל ניט געקענט אפטויטען. (גע־דיינקט איהר „חיים דער טרעגער״ פון י. ל. פרץ?)

פאַרשטייען און באגרייפען מיינט—רחמנות האָבען און דרך ארץ האָבען. צו דעם זיינען געווען מסוגל בלויז א קליינער טייל פון אונזערע אמאליגע משכילים און מאדערנע העברעאי־שע און אידישע שריפטשטעלער און מוסר זאגער.

און ווען עס רעדט זיך שוין דאָ וועגען אידישער „פויל־קייט״ און „אומפראדוקטיוויטעט״ איז כדאי זיך אפשטעלען א ווייל־ע אויף אידען אין אמעריקא.

עס איז א פאקט, און אויב איהר ווילט קאנט איהר איהם באצייכענען אלס א „טרויעריגער״ פאקט, אז אידישע ארבייט־ער אין אמעריקא רייסען זיך צו ווערען „זעלבסטשטענדיגע״ געשעפטסלייט, א פשיטא שויך, אז זיי ווילען ניט מגדל זיין זייערע קינדער פאר ארבייטער.

מיט דער טעאריע פון אידישער „פוילקייט״ ווערט דאס לייכט דערקלערט. דענקט איהר אבער נאך אביסעל וועגען דעם, איז דער ענין ניט אזוי פשוט.

ניט מחמת פוילקייט און אום צו האבען א לייכטע פרנסה רייסט זיך דער אידישער ארבייטער פון זיין ארבייט. ווערענדיג א „גראסערימאן", א „קענדי סטאר קיפער", א „קאנטראקטאריל" ווערט דער ארבייטער כלל ניט באפרייט פון שווערער ארבייט. פארקערט, ער ארבייט שווערערע און לייגגערע שטונדען. רייסען רייסט ער זיך פון שאפ אדער פעקטארי, ווייל ער באזיצט א שפע פון רירעוודיגקייט און לעבעדיגקייט און שכל און די דאזיגע אייגענשאפטען הארמא־נירען בשום אופן ניט מיט דער מאנאטאנער מאשין־ארבייט, וואס צאמט און פאראליזירט יעדען סארט פון פיזישער און גייסטיגער ענערגיע.

עס איז גאנץ שיין צו דרשה׳נען וועגען דער הייליגקייט און ווירדיגקייט פון ארבייט און שאפען. (און דרך אגב—די דרשנים אליין, די מערסטע, ארבייטען ניט) דאס איז געווען ריכטיג, ווען יעדער כלי, יעדער מלבוש האט אנטהאלטען אין זיך די נשמה, דעם שכל, די אינדיווידואליטעט פון דעם בעל־מלאכה. וואס איז אבער שייך צו ריידען וועגען שאפונג ביי דער איצטיגער צייט, אין דער מאַסען־פראָדוקציע צייט, ווען דער ארבייטער איז ניט מער ווי אן אויטאָמאַט, א גולם; ווען עס פאדערט זיך פון איהם ניט מער ווי אן אומאויפערליכער מע־כאנישער באוועגונגס־פראָצעס פון דער האנט אדער פון א פאָר פינגער, און זיין אינדיווידואַליטעט, זיין שכל, זיין גע־שמאַק זיינען לחלוטין ניט נויטיג?

איז דען א וואונדער וואָס דער איד, א לעבעדיגער און אַקטיווער, שכל׳דיגער מענשליכער טיפּ איז אויף זיך מקבל צו ארבייטען 14־15 שטונדען א מעת לעת אין זיין

„גראסערקע", אדער „סטיישיאנערי", איידער צו ארבייטען אין שאפ 7־8 שטונדען? איז דען א וואונדער וואס ער וויל טאן ארבייט וואס באַשעפטיגט זיין שפּילענדיגען אקטיווען מוח איידער אן ארבייט וואס פארגליווערט און פאראליזירט איהם?

און איז דען א וואונדער, וואס אויך אין סאוועט רוסלאנד ווערט דער איד, אלס א כלל, באשטימט ניט פאר מאשין ארבייט וואס פאדערט בלויז א „האנד", נאר פאר די צווייגען וואס פאדערען איניציאטיווע און קאפ ארבייט? (ווי אזוי דאס ווירקט און וועט ווירקען אויף די געפיהלען און באציהונגען פון דער ניט אידישער באפעלקערונג—איז אנאנדער פראגע).

עס איז מעגליך, אז די ניט צוגעפּאַסטקייט פון דעם אידען צו אויטאמאט־ארבייט איז איינע פון אונזערע „קללות". עס איז מעגליך, אז מיט דער צייט וועט דער אידישער מוח ווערען א—„ככל הגויים׳דיגער". דערווייל אבער איז דאס ניט אזוי. דאָס זאָל אָבער בשום אופן ניט דערקלערט ווערען מיט אידישער שנאה צו ארבייט.

— — — —

צווישען די וואס פארקלענערען די חשיבות פון די דא דערמאָנטע אידישע מדות זיינען דא אזעלכע וואָס זאָגען: די דאָזיגע מדות זיינען א פּראָדוקט פונ׳ם גלות. א פאָלק וואָס איז אונטערדריקט, שוואך, איזאָלירט, האָט געמוזט אויסארבייטען אין זיך די מדות פון רחמנות שלום צדקה א.ז.וו. דער דאָזיגער קוק איז אן אויבערפלעכליכער. עס איז שוין דא באמערקט געוואָרען אויף אנאנדער פלאץ, אז אידישקייט איז נאר פאר־טיפט און מער פארצווייגט געוואָרען דורכ׳ן גלות, זי איז אבער ניט קיין פּראָדוקט פון איהם. דער תנ"ך איז ניט א גלות שאַ־

פונג. ניט אין זיך געזעצגעבונג, ניט אין זיין נביאישער עטיק און ניט אין זיינע נביאישע זעהונגען פאר דער צוקונפט. די משנה, דער יסוד פון דער תורה־אידישקייט אין איהר גאנ־צער ווייטערדיגער אנטוויקלונג, איז ניט קיין גלות־פראָדוקט. די טויזענט און איינס מצוות וואָס קוועלען ארויס פון דער רחמנות־מדה און קדושה־פאדערונג זיינען פארוואָרצעלט אין דער אידישער נשמה פון סאָמע אָנפאָנג פון דער אידישער גע־שיכטע. דער „והגית בו יומם ולילה", וואָס איז דער אור־שפרונג פון לימוד התורה, אהבת התורה און כבוד התורה, איז פון די אוראַלטסטע געבאָטען.

נאר אויב איינער וועט זיך איינ׳עקשנען און זיך האלטען ביים געדאנק, אז דאס כאראקטעריסטישע וואס מיר געפינען אין דער רעליגיע־אידישקייט איז א רעזולטאט פון דעם גלות—וועל איך זיך מיט איהם ניט קריגען. איך וועל נאר צוגעבען: אויב אזוי האָט דער גלות גרויסע, טאָקע גאר גרויסע פארדינסטען...

איך וועל זיך דערביי באנוצען מיט דעם ענטפער, וואס משה מענדעלסאָן האט געגעבען א געוויסען גלח אויף דער אויסזעצונג, אז די אידישע מדה פון שלום איז א פראָדוקט פון אידישער פחדנות, פייגהייט, הייסט דאס. אויף דעם האט מענדעלסאן געענפערט: עס איז גאנץ מעגליך. נאר אויב אזוי איז פחדנות א געבענשטע אייגענשאפט, א גוואלדיג שיינע אייגענשאפט...

דרך אגב. אז דאָס אידישע פאָלק איז ניט קיין פחד׳ניש פאלק, האט ער באוויזען הן ווען ער האט געלעבט אין ארץ ישראל, הן ווען ער האט פאר הונדערטער הונדערטער יאהרען

זיך מוסר נפש געווען פאר זיין רעליגיע. א פחד׳ניש פאָלק לאזט זיך ניט ברענען און בראטען אום ניט נאכגעבען די פארלאנגען פון שונאים־טיראנען.

מיר וועלען זיך אפשטעלען אויף נאך איין פונקט אין שייכות מיט׳ן אידישען כאראקטער. מ׳ווייזט אן, אז צווישען אידען וואס האלטען זיך ביי דער רעליגיעזער אידישקייט געפינען זיך ניט ווייניגער, אויב ניט מער, רשעות און אכזריות און אנדערע מיאוסע מדות ווי ס׳געפינען זיך ביי ניט רעליגיעזע אידען און ביי ניט אידען. מ׳דערמאנט די „ראשי הקהל״, די בעלי „טאקסע״, די כאפערס״, די „מוסרים״ וואס ווערען געשילדערט אין דער משכילישער ליטעראטור. מען צייגט אויך אָן אויף סתם רעליגיעזע אידען וואָס, ווען עס קומט צו ענינים פון „בין אדם לחברו״, זיינען זיי שוין גאר קיין צדיקים ניט.

דארף דא באמערקט ווערען, אויב מיר האלטען שוין דא ביי דער פרשה פון אפאלאגעטיק, פון זיין א מליץ־יושר אויף אידען, אז דא איז ניט דער צוועק צו באווייזען, אז דאס אידישע פאלק איז א פאלק פון „כולו תכלת״. דאס איז ניט דער צוועק, פונקט ווי עס איז ניט דער צוועק צו באווייזען אז ניט־אידישע פעלקער באשטייען פון בלויז רשעים. אן ערנסט־ער אידישער פארשער וועט קיינמאל ניט איגנארירען דעם פאַקט, אז ביי די אומות העולם האָבען זיך פון אייביג אָן גע־פונען יחידים־צדיקים, וואס די גמרא באצייכענט זיי אלס „חסידי אומות העולם״, און אויך האָבען זיך געפונען גרופען, ארגאניזירטע און ניט ארגאנזירטע, פון ניט אידישע מענשען וואָס האָבען געלעבט אן עטישען לעבנסשטייגער. אזוי קאָן ער

אויך ניט פארלייקענען, אז ביי אידען האבען זיך געפונען און געפינען זיך עד היום רעליגיעזע אידען, יחידים און גרופען, וואס זיינען רשעים און אכזרים. דא רעדט זיך אבער פון דאס כאראקטעריסטישע און פערמאנענטע וואס איז דא ביי אידישקייט און אידען. דאָ רעדט זיך פון דער געשיכטע פון דעם אידישען פאלק און די געשיכטע פון די ניט־אידישע פעלקער. שטעלענדיג זיך אויף דעם דאזיגען פונקט מוז דער אידישער פארשער קומען צום געדאנק, אז אי אין די תקופות פון מצרים־אשור־בבל־פרס־יון־רוים, אי אין דעם מיטלאלטער און אין גאר די לעצטע תקופות—האט זיך דאס אידישע פאלק אויסגעצייכענט מיט א געזעלשאפטליכען, משפחה און פער־זענליכען לעבען פון שיינקייט און גייסטיגקייט, וואס מיר געפינען ניט ביי קיין אומה ולשון. און דאס ווערט אנערקענט ניט נאָר פון אידישע „אתה בחרתנו'קעס", נאָר אויך פון ניט אידען וואס שטודירען דאס אידישע לעבען און די אידישע געשיכטע אהן אנטיסעמיטישע פניות. צווישען די ניט אידען פון דעם סארט געפינען זיך אויך אזעלכע, וואס האלטען, אז דאס וואָס מיר רופען „אידישע עטיק", „אידישע וועלט אָנ־שויאונג", איז דאָס ערליכסטע און ווינשענסווערטסטע צו וועלכע דער מענש דארף שטרעבען.

איך האַלט ניט פאר נויטיג צו ברייגגען נאָך ראיות פון דער אידישער געשיכטע און פון דער ניט אידישער געשיכטע, די אלטע און מאדערנע, צו באגרינדען דאס וואס איז דא גע־זאגט געווארען. איך וועל דאס ניט טאן, ווייל איך פיהל, אז איך בין לחלוטין פריי פון שנאה געפיהלען צו די מאסען פון די ניט אידישע פעלקער וואס האבען פאר טויזענטער יאהרען

געהאלטען אין איין מאכען שחיטות איינע אויף די אנדערע און מיט א באזונדער אכזריות פארגאסען אידיש בלוט. איך קאן ניט טראגען קיין האס צו זיי, ווילד און אכזריות'דיג ווי זיי זיינען געווען און זיינען נאך, ווייל ניט זיי זיינען שולדיג אין דעם.

שולדיג אין דעם זיינען—פריהער געצענדינסט. דאס איז געווען דער קוואל פון אלדאסבייז אין די גאר אלטע צייטען. דערנאך—קריסטענטום און מאכמעדענטום וואס אלס צווייגען פון יודענטום האבען זיי געהאט די פאטענציעלע מעגליכקייטען צו אויסאיידעלערען און „אויסמענשען" די פעלקער—זיינען אבער געווען סבות און תנאים וואָס האָבען ניט דערלאָזט, אז די דאזיגע פארבארגענע מעגליכקייטען זאלען ווערען רעאלי־טעטען. („סבות און תנאים"—וואס זיינען זיך א זעהר פאר־פלאנטערטע חקירה). עס איז געווען איין פאלק אויף דער וועלט וואס האט זוכה געווען, יא, זוכה געווען, זיך דערשלאג־ען צו דער תורה, און נאר דער תורה, אין פארבינדונג מיט געוויסע גינסטיגע „סבות און תנאים", איז געלונגען מאכען פון דעם אידישען פאָלק דאָס וואָס ער איז...

פאר טויזענטער יאהרען האט זיך דאס אידישע פאלק דערצויגען אויף זיין תורה. און געווען איז זי ניט נאר דאס אייגענטום פון יחידים (רבנים, כהנים) און זיך ניט אויסגע־דריקט בלויז אין געוויסע אבסטראקציעס—נאָר געוואָרען איז זי דאָס אייגענטום פון יעדען אידישען פאָלקס־מענש און איינ־געקריצט האָט זי זיך אין יעדען נערוו פון זיין נשמה און אנט־פלעקט האט זי זיך אין יעדען ריהר, יעדער געוואוינהייט, יעדען אקט פון זיין אלטעגליכען לעבען. און געלערענט האט

דער איד זיין תורה דורך יעדער תפלה און זמירה, דורך יעדען מאמר חז"ל און פסוק רש"י, דורך יעדען דין פון שלחן ערוך און יעדען פאלקס־מנהג. און אזוי—טאג איך—טאג אויס, יעדען שבת און יעדען יום טוב, און שטענדיג האבען ארום איהם און אין איהם געשוועבט די געשטאלטען פון זיינע נביאים און תנאים און אמוראים און גאונים און צדיקים און קדושים און טהורים—און זיי האבען דאס דעם אידען גע־האלטען אין איין מקדש זיין און מטהר זיין, גייסטיגען און לייטערען...

און אפילו די פושעים און רשעים פון דעם אידישען פאָלק—כל זמן אין זיי האָט נאָך געטליעט א ניצוץ פון תורה און רעליגיע, איז זיי זייער רשעות ניט איינגעגאנגען... זיך „געווארגען" מיט איהר... און זי האט זיי אזוי לאנג באַ־אומרוהיגט ביז זיי זיינען סוף כל סוף געוואָרען „בעלי תשובה"...

עס איז דאריבער קיין חדוש ניט אין דעם, וואָס דער איד איז געווארען דאס וואס ער איז, פונקט ווי עס איז קיין חידוש ניט אין דעם, וואס דער ניט־איד איז געוועזן דאס וואס ער איז געוועזן...

דורך דעם וואס ארץ ישראל פארגייט אויפ׳ן וועג פון אנדערע פעלקער; דורך דעם וואס „ככל הגויים׳דיגקייט" ווערט א אידעאל; דורך דעם וואס ארץ ישראל נעמט אן בלויז א אידישע, דאָס הייסט א העברעאישע פאָרם און פארוואָרפט דעם אידישען אינהאלט—רייסט זי אפּ דעם אידישען פאלק פון זיין געשיכטע און רייסט ארויס פון איהם זיין אמת׳ע נשמה...

אבער ניט נאר דאס. א וועלטליכע אידישקייט טויטעט ניט נאָר די אידישע נשמה. זי גזל'ט אויך אוועק פון דער מענשהייט א טייערען אוצר פון אריגינעלען שאפען, פון אריגינעלע ביישטייערונגען. ווייל ניט אין קונסט און ניט אין וויסענשאפט דארפען באשטייך די מתנות וואס דאס אידישע באפרייטע פאלק קאן געבען דער וועלט, נאר אין תורה, אין דארשט צו גאט, אין הייליגען דעם מענשען, אין באזיניגען דאס לעבען, אין „תקון עולם במלכות שדי".

א וועלטליכע ארץ ישראל פיהרט ניט צו „תחית היהדות" נאר צו א מין „חכמת ישראל". א „חכמה" וואָס האָט א אינהאַלט און אינטערעס פאר פארשידענע מינים קולטוריסטען, אָבער ניט פאר די גרויסע אידישע פאָלקס־מאָסען.

די אידישע מאסען אין ארץ ישראל וועלען ניט קענען לעבען מיט דער ארץ ישראל'דיגער „תרבות", פונקט ווי די אידישע מאסען איבער דער גאנצער וועלט לעבען ניט מיט'ן העברעאיזם און אידישיזם. די אידישע מאסען איז ארץ ישראל וועלען ריידען און לייענען העברעאיש, געניסען פון העברעאישען טעאטער, הנאה האבען פון אלע מינים „סטאנציעס פאר רוה און קולטור". דורך דעם אבער וועט דאס אידישע פאלק אין ארץ ישראל ווערען ניט א באנייט פאלק, נאר א ניי פאלק, ריכטיגער—א העברעאיש־שפרעכענדער שבט, וואס האט קיין גייסטיגע פארבינדונג ניט, ניט מיט דעם טויזענטעריעריגען תורה־אידענטום און ניט מיט די מיליאנען אידישע מאסען וואס זיינען צושפרייט איבער דער גארער וועלט און לעבען אויף די שבעים לשונות און קולטורען. ווייל בלויז

די תורה אידישקייט איז א פארבינדענדער פאקטאר אין צייט און אין שטח.

א העברעאיש־שפרעכענדער שבט אין ארץ ישראל איז געוויס אידישער ווי א אידישיסטישער שבט ערגעץ אין בירא בידזשאן, אויב דארט זאל אזא שבט אנטשטיין. דאס קאן אבער ניט הייסען די „תחיה״, א פשיטא שוין די „גאולה״. דאס איז ניט מער ווי א צוגאב פון א נייער מדינה צו די שוין עקזיסטירענדע מדינות, און דערצו א ארימע, צרה׳דיגע „באלקאניזירטע״ מדינה. א מדינה וואס וועט האבען שטענדי־גע סכסוכים מיט איהרע אראבישע שכנות, א מדינה וואס וועט האבען די אלע איבלען פון פאליטיק, דיפלאמאטישע שקרים, מיליטער, שפיאנעריי, שאוויניזם—אבער ניט די זיכערקייט און סטאביליטעט פון די עלטערע, גרעסערע און קלענערע, מדינות.

ארץ ישראל פארדינט צו ליידען פאר איהר די גרעסטע יסורים און ברייגגען פאר איהר די גרעסטע קרבנות, אויף וויפיל זי דערמעגליכט ארויסצוראטעווען די ליידענדע אידישע מאסען פון גלות און זיי באזארגען מיט פרנסה. יא, פרנסה. ניטא וואס זיך צו שעמען מיט דעם דאזיגען גשמיות׳דיגען און פראזאאישעןווארט. ארץ ישראל פארדינט נאך מער די גרעסטע יסורים און קרבנות, אויב, אלס א צוגאב צו פרנסה וועט אין איהר און דורך איהר באנייט ווערען די תורה אי־דישקייט אין איהר גאנצער טיפקייט און אוניווערסאליטעט. זי פארדינט אבער זעהר זעהר ווייניג, ווען זי ווערט בלויז א מקום מקלט פאר דער וועלטליכער „תרבות״, אדער „חכמת ישראל״.

4.

דער וואס וועט מסכים זייַן מיט די מיינונגען וואס זיינען דא ארויסגעבראכט געווארען אין שייכות מיט'ן קאמוניזם און וועלטליכען ציוניזם אלס ענטפערס אויף דער אידישער־פראַגע—וועט נאך מער מסכים זיין מיט דער געגנערשאפט צום אידישיזם און העברעאיזם אלס פאָרמען פון „קולטוריזם", וואָס באצוועקט צו לייזען די אידישקייט־פראגע.

דער אידישיזם איז ניט נאר ניט ווינשענסווערט, ווייל ער בילדעט מיט זיך די סאמע ארימסטע פארמען פון אידישער גייסטיגקייט. ער איז אויך אונמעגליך. אביעקטיוו אונמעגליך. און אום צו באוויזען זיין אונמעגליכקייט איז גענוג זיך אפּצושטעלען אויף דער אידישער ווירקליכקייט אין דער געגענווארט און אויף א ווײַלע אנשטרייַנגען די פארשטעלונגס־קראפט אריינקוקען אין דער נאהענטער צוקונפט.

סאוועט רוסלאנד דערמוטיגט און שטיצט אויף א מלוכה'שען פארנעם דעם אידישיזם. און דער רעזולטאט איז—א פולשטענדיגער דורכפאל. אין פוילען, וואו עס געפינט זיך נאך די גרעסטע אידיש־שפרעכענדע באפעלקערונג אין דער וועלט, האט דער אידישיזם יא א שטיקעל אחיזה. ווייסען מיר אבער, אז דאס נעמט זיך דערפון, וואס פוילען האָט גע'ירש'נט דעם אַנטיסעמיטיזם פון צאַרישען רוסלאַנד און איהם נאך צוגעזאלצען מיט היטלעריזם. פון די אידישע מאסען ווערט אוועקגערויבט די מעגליכקייט פון דערציהונג און בילדונג אין די ניט אידישע שולען. ממילא איז אזא

צושטאנד גײַסטיג פאר'ן אידישיזם. ווי אבער דער אנטיסע־מיטיזם וועט שוואכער ווערען, און דאס איז דאך די האפנונג און וואונש פון יעדען אידען; ווי נאר די באגרעניצונגען אויפ'ן פעלד פון דערציהונג און בילדונג וועלען אפגעשאפט ווערען, און דאס איז דאך ווידער דער וואונש פון יעדען אידען—אזוי הויבט אן דער אידישיזם פארלירען זיין באדען. נאר אפילו ביי דער איצטיגער צייט, מיט אלע „גײַסטיגע" תנאים פאר'ן אידישיזם, איז דאך באוואוסט, אז די אידישע יוגענד—אדער זי רייסט זיך צו דער פוילישער „קולטור", אדער צום חלוציזם, דאס הייסט צו העברעאיש און ארץ ישראל.

קומען מיר צו אמעריקא, וואו ס'געפינט זיך דער גרעסטער אידישער ישוב אין דער וועלט, ווייסען מיר ווידער וואס פאר א פנים דער אידישיזם האט. ער פארנעמט קיין פלאץ ניט, ניט אלס אידעאלאגיע און ניט אלס באוועגונג. ער פארנעמט קיין פלאץ ניט צווישען די אידיש־שפרעכענדע און אידיש־לייענדע מאסען, רעליגיעזע און ניט רעליגיעזע. א פשיטא שוין, אז פון איהם איז קיין סימן און זכר ניטא צווישען דער הי־געבארענער און הי־דערצויגענער ענגליש־שפרעכענדער אידישער באפעלקערונג. און די דאזיגע באפעלקערונג איז שוין גאנץ וויכטיג און באדייטענד, הן אין כח, הן אין איינפלוס. אונז זיינען אויך באקאנט די רעזולטאטען פון דער אידישיסטישער דערציהונג אין אלע איהרע פאר־צווייגונגען פאר די לעצטע פינף און צוואנציג יאהר בערך. די דערציהונג פאר וועלכע עס ארבייטען אידישיסטישע עסקנים, שרייבער און לערער מיט אמת אידעאליסטישער

איבערגעבענקייט. אונז זיינען אויך באקאנט די דערפאלגען פון די באמיהונגען פאר'ן אידישען טעאטער און אידישען בוך . . .

עס קען זיין א פראגע, צי מ'זאל זיך פרעהען אדער טרויערען אויפ'ן קלאגעדיגען מצב פון אידישיזם אין אמעריקא. איך האלט, אז עס איז ניטא מיט וואס זיך צו פרעהען. מ'קאן זיין א ביטערער געגנער פון דעם אידישיזם און דאך כלל ניט שעפען קיין נחת פון זיין צרה'דיגען צושטאַנד. צוליב גאר אנאנדער טעם: דער דאזיגער מצב איז ניט א רעזולטאט פון באוואוסטזיניגער געגנערשאפט צום אידישיזם מצד די אידישע מאסען. נאר—פון גלייכגילטיגקייט און טעמפטקייט בכלל צו יעדער זאך וואס האט עפעס אין זיך פון קולטור און גייסטיגקייט.

ווי די מעשה זאל ניט זיין—דער פאקט בלייבט א פאקט.

אנדערע קענען זיך טרייסטען: דער אידישיזם איז א יונגער „איזם". ער האט נאך קיין צייט ניט געהאט שלאגען ווארצלען אינ'ם פאלקס־לעבען. אנגעמענדיג, אז 25־30 יאהר איז א יונגער עלטער ביי א „איזם", מוזען מיר דאך אנערקענען אז די נחמה מיט „יונגקייט" איז א פאלשע נחמה, א זעלבסט־נארעריי. דער אידישיזם וואָלט אפשר מיט דער צייט געווארען א אידעאל־באוועגונג, ווען מיר זאלען האבען אין אמעריקא, פונקט ווי אין פוילען, א יונגען אידיש־שפרעכענדען דור, א היגען אדער א שטענדיג אימיגרירענדען. איז אבער ניט אזוי. דער אלטער אידיש־שפרעכענדער און אידיש־לייענדער דור שטארבט אפ פיזיש און גייסטיג, (גייסטיג—ער ווערט אויך אלץ מער אמעריקאניזירט). אין דער זעלבער

צייט וואקסט אויס א פולשטענדיג אמעריקאניזירטער ענגליש־שפרעכענדער דור, וואס וועט מיט דער צייט בילדען מיט זיך דאס אידישע פאלק אין אמעריקא. אויף וועמען קאן דער אידישיזם לייגען זיין האפנונג?

אבער ניט דאס איז די איינציגע סבה. עס איז דא נאך א סבה: דער אידישיזם האט פאר זיך קיין צוקונפט ניט, ווייל ער באזיצט ניט קיין אייגענשאפט, מיט וועלכער ער זאל באפרידיגען אירגענד וועלכער אידיש־מענשליכער נויט. די מיליאנען אידען אין אמעריקא קענען זיך אויסלעבען עקא־נאמיש, סאציאל און גייסטיג־קולטורעל אהן דער אידישער שפראך־קולטור.

געוויס, הונדערטער טויזענטער אידען אין אמעריקא ריידען און לייענען אידיש. דאס איז אבער ניט אידישיזם. פונקט ווי עס איז ניט קיין אידישיזם, דאס וואס מיליאנען פרומע אידען איבער גאר דער וועלט ריידען און לייענען אידיש און לערנען זייערע קינדער אידישקייט אין א אידישער איבערזעצונג.

דא רעדט זיך וועגען אידישיזם ווי וועגען אלס א נייע תורה, וואס פרעטענדירט צו פארנעמען דעם פלאץ פון דער אידישער רעליגיע, צו דינען אלס קוואל פאר א נייעם קולטור־גייסטיג לעבען. אלס אזעלכער איז ער לחלוטין פרעמד צו אלע שיכטען פונ'ם אידישען פאלק.

געוויסע אידישיסטישע זשורנאליסטען שטעלען אוועק דעם אידישיזם אלס א געגענזאץ צו אסימילאציע און אלס א שמירה פאר איהר. איז דאס ניט קיין בטלנות? פון דעם אי־דישיזם קאן קיין שפור ניט בלייבען און דאס אידישע פאלק

וועט בלייבען לעבען. קיין איין אידיש קינד זאל ניט קריגען קיין אידישיסטישע דערציהונג און אויסוואקסען א באוואוסט־זיניגער נאציאנאלער איד. קאן מען זיך דאס ניט פארשטעל־ען? נאך מער. עס איז גאנץ מעגליך אז ניט נאר זאל דער אידישיזם פארשווינדען נאר אויך אידיש. — דאָס הייסט, מען וועט מער ניט ריידען קיין אידיש און ניט לייענען אידיש, און דאָך זאָל בלייבען א אידיש פאָלק אין אמעריקא וואָס זאל זיינע אידישע קולטורעלע נויטען באפרידיגען דורך דער ענגלישער שפראך. פאַקטיש האָבען מיר שוין צענדליגער טויזענטער אי־דען פון דעם סאָרט, און זיי זיינען באוואוסטזיניגע נאציאָנאלע אידען.

איך באטאן נאך אמאל. עס איז ניטא קיין איין באדייט־ענדער אידישער שיכט אין אמעריקא וואס איז „פאראינטער־סירט" אין אידישיזם. חוץ — א צאָל אידישע שרייבער, דער־ציהער און עסקנים פאר'ן אידישיזם. מ'קאן אויך אפשר אריינ־רעכענען אין חשבון די אידען וואָס האָבען ליב אמאָל הערען א אידיש לידעל, א אידיש ווערטעל. אז דער אידישיזם זאָל זיך אָבער שטיצען אויף דער דאָזיגער „ליבשאפט" — דאָס דיינק איך וועלען ניט צוגעבען אפילו די פייערדיגסטע אידי־שיסטען, אויב זיי זיינען נאָך מסוגל צו זעהן, וואָס עס טוט זיך ארום זיי.

איך שליס מיין באטראכטונג וועגען אידישיזם מיט דער באהויפטונג, און איך דיינק, אז יעדער וואס האט א קלאר אויג וועט מיט מיר מסכים זיין, אז דער אידישיזם האט קיין מעגליכקייט ניט צו פארנעמען אפילו דעם מצומצם'דיגסטען פלאץ אין דעם גייסטיגען לעבען פון דעם אידישען פאָלק.

דער אידישיזם האט קיין מעגליכקייט ניט—טראץ די באמי־
הונגען פון די „אידישע קולטור־געזעלשאפטען" דא און דארט,
און טראץ די אידישיסטישע „וועלט קאנגרעסען" וואס וועלען
אפגעהאלטען ווערען.

**.5**

דאס וואס איז געזאגט געווארען וועגען אידישיזם קאן
געזאגט ווערען וועגען דעם העברעאיזם אין די גלות לענדער.
וועגען דעם העברעאיזם, לויט ווי ער ווערט אויפגעפאסט פון
די מאדערנע העברעאישע משכילים. און זאל דא באמערקט
ווערען, אז דער העברעאיזם געפינט זיך אין א מער אומ־
גינסטיגער לאגע ווי דער אידישיזם. דער אידישיזם האט דעם
זכות פון א לעבעדיגען אידיש: מיליאנען אידען ריידען אידיש
און הונדערטער טויזענטער אידען, און אפשר מיליאנען, ליי־
ענען אידיש. דער העברעאיזם אין די גלות לענדער האט ניט
דעם זכות.

עס איז אמת. דער העברעאיזם האט יחוס. זכות אבות.
דער זכות פון דער טויזענט־יעהריגער תורה־אידישקייט. דאס
איז א מעכטיגער כח זיך שטיצען אויף איהם. אויב אזוי,
בלייבט קיין אנדער ברירה ניט פאר'ן העברעאיזם ווי זיין
פארווארצעלט אין דער דאזיגער אידישקייט, זיך דורכגע־
דרונגען מיט איהר גייסט און טענדענצען. דאס וועט דער־
מעגליכען די עקזיסטענץ פון דעם העברעאיזם אויך אין זיין
וועלטליכען תוך. אזא פאל האבען מיר געהאט אין שפאניען,
אין דער „גאלדענער תקופה" פון אידישען שאפען. אויב
אבער דער העברעאיזם וועט זיין א „בריאה חדשה", דאס

הייסט, ער וועט אין זיין סאמע שורש זיין א וועלטליכער, אזוי וועט אויך זיין וועלטליכקייט ניט האבען קיין כח־הקיום.

אז דער וועלטליכער העברעאיזם קאן לעבען בלויז בזכות אבות—האבען מיר געגוג ראיות.

לאמיר נעמען די העברעאישע דערציהונג.

אין אמעריקא זיינען דא צענדליגער טויזענדער אידישע קינדער וואָס קריגען א תלמוד תורה און ישיבה ערציהונג. איז די דאזיגע דערציהונג אן אויסדרוק פונ׳ם וועלטליכען העב־רעאיזם? געוויס ניט. ניין־און־ניינציג פּראָצענט פון די עלטע־רען, און אפשר אלע הונדערט, האָבען אין זיך קיין סימן ניט פונ׳ם וועלטליכען העברעאיזם. נאך מער. די העברעאישע לערער וואס זיינען לויט זייער גייסט און געדאנקען־גאנג וועלטליכע העברעאיסטען דארפען טאג־איין, טאג־אויס „קנעלען״ מיט די עלטערען מכח דער חשיבות פון דער מא־דערנער העברעאישער שפראך און ליטעראטור.

טא וואס באוועגט די דאזיגע עלטערען צו געבען זייערע קינדער א תלמוד תורה, אדער ישיבה דערציהונג?

דער רעליגיעזער געפיהל. א שוואכער, א לויזער, א פרימיטיווער. ער איז אבער דער באוועגענדער כח פאר דער אידיש־העברעאישער דערציהונג אין אמעריקא.

א צווייטער פאקט.

הונדערטער טויזענטער אידישע עלטערען אין אמעריקא געבען ניט זייערע קינדער א אידישע דערציהונג. פאר וואָס איז דאָס אזוי?

דערציהער און דערציהונגס־עסקנים ברעכען זיך די קעפ אויף דער דאזיגער פראגע. מ׳געפינט אלערליי אורזאכען

דערפאר. אין דער אמת'ן אבער איז מער ניטא ווי איין און איינציגע אורזאך, אדער זי איז די פונדאמענטאלע אורזאך: עס פעהלט ביי די דאזיגע אידישע מאסען דער רעליגיעזער געפיהל. זייערע הייזער זיינען אויסגעליידיגט געווארען פון יעדען טראדיציאנאלען סימן. עס איז ניטא קיין שבת, קיין יום טוב. ניטא קיין פארבינדונג מיט דער שול. עס איז קיין זכר ניטא פון תורה, פון ליבע צו תורה און כבוד התורה. פון וואנעט זאל זיך נעמען די באדערפעניש צו געבען דעם קינד א אידישע דערציהונג?

דאס מיינט ניט, דרך אגב, אז די דאזיגע אידישע מאסען זיינען „אסימילירט". כלל ניט. די מערסטע פון זיי זיינען „שטאלצע אידען". זיי זיינען „אש להבה" אויפ'ן אנטיסעמיטיזם. פילע פון זיי העלפען אפילו אין דער ארבייט פאר ארץ ישראל. געוויס וועלען זיי זיך באטייליגען אין דעם בויקאט געגען היטלערלאנד. דאס אלץ האט אבער א קליינע שייכות מיט אידישער דערציהונג. ווייל כל זמן עס איז ניטא קיין רעליגיעזע באדערפעניש איז ניטא קיין שורש פון וואנען אידישע דערציהונג זאל ארויס וואקסען.

און ווען עס איז ניטא קיין רעליגיעזע באדערפעניש איז אויך ניטא קיין פרוכטבארער באָדען פאר וועלטליכער העברעאישער דערציהונג און אפילו—פאר דער אידישיסטישער דערציהונג. עס איז א סך צו ריידען וועגען דעם. די אבער וואס שטייען נאהענט צום דערציהונגס-וועזען וועלען אנערקענען די ריכטיגקייט פון דער דאזיגער באהויפטונג.

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען וועגען דעם וועלטליכען העברעאיזם באציהט זיך אויף אמעריקא און אויף די

לענדער, וואו די עקאנאמיש־פאליטישע לאגע פון אידען איז ענליך צו דער אין וועלכע אידען אין אמעריקא געפינען זיך. אין ארץ ישראל איז דער מצב א גאנץ אנדערער. דארטען איז דא פלאץ פאר׳ן וועלטליכען העברעאיזם ווי ער איז. דאָרטען איז העברעאיש ניט נאר א נאציאָנאלער ענין, נאָר א באַדערפעניש פון אַ פערזענליכען כאַראַקטער. דאָרטען איז דער לימוד פון העברעאיש ניט איינער צווישען אנדערע לימודים, נאר העברעאיש איז די שפראך פון אנדערע לימודים. די סבות דערפון זיינען גוט באוואוסט. און זיי זיינען אויך די סבות וואס האבען געמאכט העברעאיש פאר א לעבעדיגער שפראך אין ארץ ישראל. ממילא איז דארטען העברעאיש ניט א „איזם״, ניט א „תרבות״—באוועגונג, נאר א ריין־מענשליכע נויט, אווירקליכקייט וואס קאן יא אדער ניט זיין פארבונדען מיט דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

דעם פלאַץ וואָס העברעאיש פארנעמט אין ארץ ישראל אינ׳ם גאנצען לעבען פארנעמט ער, כאטש אין א פיל באַ־גרענעצטער מאס, אויפ׳ן פעלד פון דערציהונג אין פוילען, ליטא און אין געוויסע טיילען פון רומעניען. אין די דאָ־זיגע לענדער עקזיסטירט די פיל פארצווייגטע „תרבות״ באַ־וועגונג, וועמעס סיסטעם פון דערציהונג איז כמעט ענליך צום סיסטעם אין ארץ ישראל. דאס הייסט, די וועלטליכע למודים, אמת וועלטליכע, ווי די פארשידענע צווייגען פון וויסענשאפט, ווערען געלערענט אויף העברעאיש. דערצו זיינען די תרבות־שולען אין גייסט און שטרעבונג חלוציסטי־שע — זיי זיינען מכשיר, דירעקט און אומדירעקט, די תלמידים צו גיין קיין ארץ ישראל. זייער העברעאיזם איז

דאריבער ניט אפהענגיג פון דער רעליגיע אידישקייט.

דאס קאן אבער ניט זיין אין אמעריקא און אין אנדערע לענדער, וואו די אידישע קינדער קריגען זייער וועלטליכע דערציהונג אין די רעגירונגס-שולען. אויב די דאזיגע קינדער קריגען אירגענד-וועלכע אידישע דערציהונג איז זי אין איהר אינהאלט א תורה-רעליגיעזע—חומש, נביאים, רש"י, א.ז.וו. זי שליסט ניט אויס די מאדערנע העברעאישע ליטעראטור, אויב די קינדער זיינען דערוואקסען צו איהר. דער עיקר אבער זיינען די לימודים פון א רעליגיעזען תוך.

אונזערע מאדערנע העברעער וואלטען געוואלט, אז אויך אין אמעריקא און אין אנדערע צו איהר ענליך לענדער זאל דער וועלטליכער העברעאיזם פארנעמען דעם אויבען-אן אין דעם דערציהונגס-סיסטעם. זיי וואלטען אויך געוואלט, אז די תורה-לימודים זאלען געלערענט ווערען אין א וועלט-ליכען גייסט. דערווייל אבער איז דאס מער ניט געבליבען ווי א וואונש.

די באדענלאזיגקייט פון דעם וועלטליכען העברעאיזם אין שייכות מיט דער דערציהונג פון דער קליינוואורג איז אויך צו געפינען אין איהם ווען ער שטעלט מיט זאך פאר א באוועגונג פאר דערוואקסענע. עס זיינען אין אמעריקא, למשל, גע-גרינדעט געווארען אלערליי העברעאישע „אגודות". צוריק מיט 20 יאהר איז דא געשאפן געווארן א „הסתדרות עברית". און דער שרייבער פון די דאזיגע שורות איז געווען איינער פון איהרע גרינדער; צוריק מיט א יאהר צען, ווען ביאליק ע"ה האט באזוכט אמעריקא האט די ציוניסטישע ארגאני-זאציע זיך באנוצט מיט זיין באזוך און פרובירט, מיט אן

אמת׳ן אדער ניט אמת׳ן רצון, צו שאפען דא א סארט „תרבות״ באוועגונג. די דאזיגע אלע באמיהונגען אבער האבען צו גאר ניט געפירט, טראץ דעם וואס מיר האבען דא אין לאנד פילע פילע צענדליגער טויזענטער אידען וואָס קאָנען העברעאיש. אבער ניט נאר איז ניט געלונגען צו שאפען א העברעאישע פאלקס־באוועגונג פאר דער העברעאישער דערציהונג און ליטעראטור. עס האט זיך אפילו ניט איינגעגעבען ביז׳ן היינטיגען טאג צו ארגאניזירען די העברעער, הונדערטער און טויזענטער, ביי וועמען העברעאיש איז דער איינציגער, אדער הויפט תוך פון זייער נשמה.

די „הסתדרות עברית״ אין אמעריקא געפינט זיך כמעט אין דער זעלבער לאגע ווי די — „אידישע קולטור געזעל־שאפט״... דאָס איינציגע קאָנקרעטע און פאָזיטיווע וואָס די „הסתדרות״ האָט געשאָפען ביז איצט איז די וועכענטליכע צייט־טונג „הדואר״ און דאס — א דאנק דער אויסערגעוויינליכער ענערגיע און עקשנות פון איהר רעדאקטאר מנחם ריבאלאָוו. ער האָט דאָס ווי עס איז אָפגעווישט די חרפה פון העברעער־טום אין אמעריקא אי מיט׳ן „הדואר״, אי מיט אַנדערע העברעאישע ליטעראַרישע אויסגאַבען וואָס זיינען אונטער זיין רעדאַקציע דערשינען.

גאָר די לעצטע צייט באמערקט זיך אַ לעבעדיגערע טעטיגקייט אין די העברעאישע קרייזען. עס איז אָבער זעהר צווייפעלהאַפט אויב דאָס וועט ענדערען דעם צושטאַנד פון העברעאיש אין אמעריקא.

און שולדיג אין דעם קלאַגעדיגען מצב פון דעם וועלט־ליכען העברעאיזם צווישען דעם 4־מיליאניגען אידענטום אין

אמעריקא—זיינען ניט די העברעער, די פירער פון העברע־איזם און די מאסען העברעער, נאר דער העבראיזם גופא. ער קאן ניט לעבען אלס א זעלבסטשטענדיגער „איזם", אין אזא לאנד ווי אמעריקא.

— — — —

איך האב זיך דא אפגעשטעלט אויפ'ן אידישיזם און העב־רעאיזם בלויז מצד זייער מעגליכקייט, ווייל אין שייכות צו זייער ווינשענסווערטקייט אלס ענטפערס אויף דער אידיש־קייט־פראגע קענען זיי איינגעשלאסען ווערען אין די באַ־טראכטונגען וועגען דער ווינשענסווערטקייט פון דעם קאמונ־יזם און דעם וועלטליכען ציוניזם.

דאָ זאָל אָבער צוגעגעבען ווערען, אז אידישקייט אין אמעריקא און אין אנדערע לענדער ענליך צו איהר, קאן זיין ענטוועדער א רעליגיעזע, אין דער אדער יענער פאָרמע, אדער זי קאן גאר ניט זיין. דאָס איז איינס. צווייטענס—אויב עס וועט לעבען א רעליגיעזע אידישקייט, אויב מיר וועלען האבען שולען, תלמוד תורה'ס, ישיבות, שבתים און ימים טובים (כאטש ניט אין דער „שטעטעל" פארם)—וועט אין זייער זכות אויך געניסען העברעאיש און העבראיזם, און גראַדע אין א פולער מאָס. און אויב איהר ווילט — וועלען אפילו בלייבען שיריים פון אידיש און אידישיזם. וועט אָבער דאָס רעליגיעזע אידישקייט פארשווינדען, ווי עס גלויבען וועלט־ליכע אידען, דעמאָלט איז אויך אַן־עק—אַ־סוף מיט דעם ביי־סעל וועלטליכע אידישקייט וואָס מיר פאַרמאָגען נאָך אין די גלות לענדער.

ביים שלוס וועגען דעם דאָזיגען ענין זאָל אויך צוגעגע־בען ווערען: דער אידישיזם און העבראיזם, פונקט ווי דער

אידישער קאמוניזם און וועלטליכער ציוניזם, זיינען היס־
טאריש בארעכטיגט און האבען אויך זייערע פארדינסטען.
איך וועל נאך גיין ווייטער. דאס געזונט־מענשליכע און
אידישע וואס געפינט זיך אין דער מאָדערנער העברעאישער
ליטעראטור, ווי א שטייגער געוויסע שאַפונגען פון ביאַליק,
עגנון און זייער גלייכען, און אויך דאס אידישע וואס געפינט
זיך אין דער אידישער ליטעראטור, ווי א שטייגער געוויסע
שאפונגען פון ליעסין, יהואש און זייער גלייכען—וועט אריין
אינ'ם גרויסען אוצר פון דער אידישער יצירה און זיין חשוב
און טייער אויך צו תורה־רעליגיע אידען. דערמיט אבער וועט
זיך ענדיגען די ווירקונג פון דער וועלטליך־אידישער קולטור
אויף די צוקונפטיגע אידישע דורות.

נאך דעם ווי איינער וועט אנערקענען די ריכטיגקייט פון
די באטראכטונגען און אויספיהרונגען וואס זיינען דא ארויס־
געבראכט געווארען, וועט ער האבען א לאגישע רעכט צו
פרעגען: אויב די פארשידענע פארמען פון דער וועלטליכער
אידישקייט קענען ניט דינען אלס ענטפער אויף דער אידען
און אידישקייט פראגע און קענען ניט בילדען קיין קוואל
פאר'ן גייסטיגען לעבען פון דעם אידישען יחיד—וואס ענט־
פערט יא, און וואס בילדעט יא?

.1

די תורה־רעליגיע־אידישקייט. דאָס איז דער ענטפער אויף דער אויבענגעשטעלטער פראַגע.

אפשר האָט זיך שוין דער לייענער אָנגעשטויסען, אז ער וועט צוגעפיהרט ווערען צום דאָזיגען ענטפער. אויב יאָ—האָט ער ניט געמאכט קיין טעות. עס איז אבער דא נויטיג צו באַמערקען, אז פון דעם וואס איז ביז אהער געזאגט געוואָרען וועגען דער תורה־רעליגיע אידישקייט, קאָן נאָך ניט בולט ווערען די ראלע וואס די דאזיגע אידישקייט איז ביכולת צו שפּילען, אלס ענטפער אויף דער אידישער פראגע, אין דער צוקונפט. דא וועלען מיר זיך אפשטעלען אויף דער דאזיגער ראלע.

בנוגע דער פּראָבלעם פון קיום האומה, דאַרף דא ביים אָנפאַנג געזאָגט ווערען, אז אין דעם גרינטליכען אונטערשיד צווישען דעם מהות פון דער תורה אידישקייט און דער וועלטליכער איז אויך איינגעשלאָסען דער צוגאַנג צו דער דאָזיגער פּראָבלעם, איהר אויפפאַסונג.

ביים וועלטליכען אידען מיינט קיום האומה שפּראַך־לאַנד קיום. דאָס הייסט, אז די באַזיצונג פון אַן אייגענער שפּראַך, אידיש אדער העברעאיש, און פון אַן אייגען לאַנד איז גענוג צו געבען דעם אידישען פאָלק דעם כח־הקיום און דעם זכות־הקיום. ביים תורה־רעליגיע אידען איז דאָס ניט גענוג. שפּראַך

און לאַנד זיינען פאר איהם זעהר וויכטיג. אן אמת'ער, געזונ־טער קיום האומה איז אבער פאר איהם דער, וואָס דריקט זיך אויס אין דיינקען, פיהלען און לעבען לויט דער תורה־רעלי־גיע אידישקייט. פעהלט דאָס—אזוי באַטראַכט ער די שפראַך־לאַנד עקזיסטענץ פאר קיין עקזיסטענץ ניט, אדער פאר א זעהר פגימות'דיגער עקזיסטענץ.

צי אזא אויסטייטשונג איז א ריכטיגע און אנגעמבאַרע — איז אן אנדער פראַגע. דאָס איז אבער די אריגינעל־אידישע אויסטייטשונג. די נביאים האָבען געהאָט פאר זיך א פאָלק, וואָס לעבט אויף זיין אייגען לאַנד און רעדט און שאַפט אויף זיין אייגענער שפראַך. דאָך האָבען זיי געהאַלטען אין איין שטורמען געגען איהם. פאר וואָס? ווייל ער האָט פאַרלאָזט זיין גאָט און תורה. פון דעם איז קלאָר, אז פאר זיי איז ניט געווען גענוג די סתם עקזיסטענץ פון זייער פאָלק, די עקזיס־טענץ וואָס שטיצט זיך אויף שפראַך־לאַנד. זיי האָבען געוואָלט א פאָלק וואָס איז טריי זיין גאָט און תורה.

דאָס זעלבע זעהען מיר ביי די חשמונאים, די טרעגער פון דער נבואה און פון די לערען פון די אנשי כנסת הגדולה. ניט צוליעב לאנד און שפראך זיינען די חשמונאים באוועגט געוואָרען צום קאַמף, נאָר צוליב דער אידישער אמונה. באַ־זונדערס זעהען מיר דאָס אין די גלות־עפּאָכען. אידען האָבען זיך מוסר נפש געווען ניט פאר שפראַך. פאַרקערט, אין דעם ענין, ווי עס איז שוין דאָ באַמערקט געוואָרען, זיינען זיי גע־ווען מאָדנע „אסימילאַטאָריש". מוסר נפש געווען האָבען זיי זיך פאר תורה. און אויב העברעאיש איז ביי זיי געווען טייער, איז דאָס ניט געווען צוליב דעם וואָס זי איז זייער נאַציאָנאַל־

שפראַך, נאָר אַלס „לשון קודש", די שפראך פון גאָט און תורה.

לאַנד און שפּראַך זיינען געווען ביי אידען ווירדיג און הייליג, אויף וויפיל זיי זיינען געווען „כלים" פאר א „תוך". דער תוך האָט זיי געהייליגט און זיי צוגעגעבען א „אינזיכיגע" חשיבות. ווי אבער זיי האָבען זיך אויסגעליידיגט פון זייער אידישען תוך און זיך אָנגעפילט מיט א ניט־אידישען אינ־האַלט — אזוי ווערען זיי אליין פסול, „פארשוועכט". „ותחללו את ארצי", „ותטמאו את ארצי", זיינען כאראקטעריסטישע אויסדרוקען ביי די נביאים. נאָך מער. אפילו דער בית המקדש ווערט באצייכענט אלס א „מערת פריצים", א הייל פון רויבער־מערדער, ווען די נביאים געפינען, אז אין איהם ווערען גע־טאָן מיאוסע מעשים.

מיר געפינען ניט אזעלכע אויסדרוקען וועגען „לשון קודש". מיר קענען זיך אָבער לייכט אנשטויסען, אז אויך זי ווערט לויט'ן אידישען קוק א „טמא'דיגע" שפראך ווען זי דריקט אויס א „טמא'דיגען" אינהאַלט.

מיר קענען זיך משער זיין, אז אין די צייטען פון תנ"ך זיינען אויף העברעאיש געשאַפען געוואָרען נאָך ליטעראַרישע זאַכען. מיר ווייסען אָבער ניט פון זיי. זיי זיינען פארלוירען געגאַנגען. פאר וואָס? מסתמא ווייל זיי זיינען ניט געווען „קודש", און דאָס פאָלק, ענטוועדער האָט זיי פארניכטעט, אדער ניט געהאַלטען פאר נויטיג זיי פרעזערווירען. ווייסען מיר דאָך, אז ס'איז געווען א פראגע וועגען „שיר השירים" און וועגען „קהלת", צי זיי פארדינען איינגעשלאָסען ווערען אין דעם תנ"ך. האָט אָבער געטראָפען א נס: רבי עקיבא האָט

זיך מרחם געווען אויף „שיר השירים״, און אין „קהלת״ האָט מען געפונען א פּאָר הייליגע פסוקים און אין זייער זכות איז ער פארבליבען.

דאָס איז דער אידישער שטאַנדפּונקט אויפ׳ן ענין פון לאַנד און שפּראַך. די פראַגע איז: וואָס איז, ריכטיגער — וואָס דאַרף זיין דער מענשליכער, דער ריין־לאָגישער שטאַנדפונקט וועגען דעם דאָזיגען ענין?

און ווען איך זאָג „דער ריין־לאָגישער״, מיין איך דעם שטאַנדפונקט, וואָס איז באפרייט פון דער ווירקונג פון נאַציאָנאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אָנגעפיהרט אין געוויסע פעריאָדען פון א פאָלקס־געשיכטע, אָט א שטייגער ווי די פעריאָדע וואָס דאָס אידישע פאָלק לעבט דורך די לעצטע עט־ליכע צענדליג יאָהר.

דער שטאַנדפּונקט זאָגט אונז, אז עס ניטא קיין אומגליק ניט פאר׳ן יחיד און ניט פאר׳ן פאָלק, ווען אין א געוויסער תקופה ווערט א פאָלק שפּראַכליך און טעריטאָריעל אסימי־לירט אויף א פרידליכען און גראַדועלען וועג.

אלכסנדר מוקדון און זיינע נאָכפאָלגער האָבען העלעני־זירט די אמאָליגע וועלט. די אימפעריאַליסטישע רוים האָט באַהערשט די וועלט מיט איהר שפּראַך־קולטור און ממילא אָפּגעווישט די טעריטאָריעלע גרעניצען צווישען פאָלק און פאָלק. זיינען מיר געגען די גרעקען און רוימער פאר זייער אסימילאַציאָנס־פּאָליטיק? אויב יאָ — איז דאָס ניט דערפאַר, ווייל זיי האָבען קולטורעל געשאַפען א גריכיש־רוימישע וועלט, נאָר ווייל זיי האָבען דאָס געטאָן דורך גוואַלט און צוואַנג, דורך מלחמה און דעראָבערונג.

לאָמיר אויך נעמען א ביישפיל פון דער איצטיגער צייט: סאָוועט רוסלאנד פיהרט א נאציאָנאליטעטען־פּאָליטיק. זי באמיהט זיך צו אַנטוויקלען און באפעסטיגען די שפּראך־קולטורען פון איהרע פארשידענע פעלקערשאפטען. איז דאָס פייך און שיין. וואָלטען מיר אָבער געפונען א פגימה, א שאָדען אין איהר האַנדלונג, ווען זי זאָל אַסימילירען איהרע „שבעים אומות" אין דער גרויס־רוסישער שפּראך־קולטור אויף א פרידליכען און מצד די פעלקערשאפטען פרייוויליגען אופן? וואָלטען מיר געווען געגען סאָוועט רוסלאנד ווען ניט נאָר דער קאָמוניסטישער אינהאַלט וואָלט געוואָרען דער קנין פון איהרע פעלקער—נאר אויך די גרויס־רוסישע שפּראך־פאָרם?

און ריידענדיג וועגען דעם אידישען פאָלק איז אונז דער־לויבט צו פרעגען: ווער ליידעט און וועמען שאַדעט דאָס, ווען אידישע יחידים און גרופען לעבען זיך איין פרייוויליג אין דער ארומיגער ניט אידישער סביבה, נעמען אָן איהר שפּראך־קולטור און לעבענס־שטייגער, נאָכדעם ווי די דאָזיגע יחידים און גרופען זיינען צוליב געשיכטליכע תנאים אוועקגעריסען געוואָרען פון דער אידישער סביבה, ניט געקראָגען קיין אי־דישע דערציהונג און האָבען מיט'ן אידישען לעבען קיין מגע ומשא ניט, קיין נשמה־פארבינדונג?

עס איז זעהר פּאָפּולער אחד העם'ס אויסדרוק: „עבדות בתוך חרות" — אינערליכע קנעכטשאַפט אין אויסערליכער פרייהייט, וואָס ווערט אָנגעווענדעט אויף אַסימילירטע מערב־אייראָפּעאישע און אַמעריקאנער אידען.

דאָס איז א שיין וואָרט. איז דאָס אבער אויך א ריכ־טיגס?

ריכטיג איז צו באצייכענען מיט'ן וואָרט „עבדות" דעם זעלען־צושטאַנד פון דעם אידען וואָס איז פול מיט אידיש־קייט, רעליגיעזע אדער וועלטליכע, וואָס אנערקענט און פיהלט די שיינקייט און חשיבות און נויטיגקייט פון אידישקייט — אָבער צוליב געוויסע חשבונות, ווי מאטעריעלע נוצען, ביר־גערליכע רעכט, צוליב חבר'ן זיך מיט דער ניט אידישער געזעלשאפט, האַלט ער אין איין דערשטיקען זיין אידישקייט, אנטלויפען פון איהר. דאָס איז „עבדות" אויב איהר ווילט, און איך וואָלט דאָס בעסער גערופען „שוואכקייט אדער צורי־סענקייט. וואָס איז אבער שייך דעם וואָרט „עבדות" פאר אי־דען, וואָס זיינען לחלוטין פרעמד פון אידישקייט; וואָס זיינען דורך זייער דערציהונג און סביבה דורכגעדרונגען מיט דער ניט־אידישער קולטור, האָבען ליב די דאזיגע קולטור, אַכטען זי? אָדער וואָס איז שייך „עבדות" פאַר אידען וואָס באַטראַכטען אידישקייט פאר אן „אומגליק", ווי היינע האָט זיך אמאָל אויס־געדריקט, און רייסען זיך מיט אלע כחות פטור ווערען פון איהר?

די מעשה מיט אסימילירטע אידען איז גאָר אַנדערש.

ניט פון דער אידישקייט וואָס זיי טראָגען אין זיך ליידען זיי, נאר פון דעם וואָס איז אויף זיי ארויפגעוואָרפען — וואָס זיי זיינען געבוירען געוואָרען אידען. זיי וואָלטען געוואָלט אין גאַנצען איינגעשלונגען ווערען אין דער ניט־אידישער וועלט וואָס איז באמת זייער וועלט — שטערט זיי זייער אידישקייט וואָס איז אויפגעהאנגען געוואָרען אויף זיי ווי — „א לונג און לעבער". באזונדערס ליידען זיי, ווען מען טרייבט זיי, ווי א

שטייגער אין היטלערלאנד, צו אידישקייט וואס איז זיי אזוי ווילד און אומהיימליך.

פון די דאזיגע פאר באמערקונגען שיינט מיר, איז קלאר, דאס ניט אין דער אסימילאציע גופא איז צו געפינען דעם אי־בעל, וועגען וועלכען די אידישע נאציאנאליסטען זייַנען מרעיש עולמות, נאר אין די מכשולים אויף וועלכע זי שטויסט זיך אן און אין די יסורים וואס די דאזיגע מכשולים פאראורזאַ־כען. וואלט די אסימילאציע פארגעקומען אויף א נארמאלען שטייגער, ווי, למשל, אין סאוועט רוסלאנד, אדער אפילו אין אמעריקא צווישען דער פולשטענדיג אסימילירטער אידישער יוגענד, וואלט זי, די אסימילאציע, געווען די ראדיקאלסטע לייזונג פון דער אידישקייט־פראגע.

און ניט נאר די ראדיקאלסטע — נאר אויך די לאגישסטע און כשר׳סטע. דאס וואלט געווען אזוי, ווען עס זאל ריכטיג זיין דער שטאנדפונקט, אז א אידישער קיום מיינט — א שפראך־קולטור קיום. אנדערש אבער ווערט אויסגעשטאלטעט פאר אונז די פראבלעם פון דער אידישער עקזיסטענץ און אידישער אסימילאציע ווען מיר נעמען אן דעם שטאנדפונקט פון דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

די תורה־רעליגיע האלט ניט פון סתם א אידישען קיום. איז ניט איבעריגס פארזארגט וועגען איהם. נאציאנאל־אידי־שער קיום ווי זי פאסט אויף, מיינט דער קיום וועמעס איינ־האלט איז זי אליין.

## 2.

ווי אזוי דינט דער תורה־רעליגיע אינהאלט אלס אן ענט־

פער אויף דער פראָבלעם פון קיום האומה?

איך וועל ענטפערען אויף דער פראַגע דורך ארומריידען פינף פונקטען וואָס שטעלען מיט זיך פאָר, נאָך מיין מיינונג, דאָס עיקר׳דיגע און וויכטיגסטע וואָס קאָן געזאָגט ווערען ביי דער איצטיגער צייט וועגען דער תורה־רעליגיע אידיש־קייט.

א. די דאָזיגע אידישקייט איז דער זיכערסטער מיטעל פאר דער נאציאָנאלער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק, קיין אונטערשייד ניט, צי ער וועט אויך פארמאָגען א וועלטלי־כע שפראך־קולטור צי ניט.

ב. זי איז איינע פון די לעבענס־שטייגערס וואָס פיהרען צו דער באשיצונג פון דעם געזונט, דאָס געזונט פון גוף און נשמה.

ג. זי איז דער פעסטסטער יסוד פאר א עטישען לעבען.

ד. זי דינט אלס א קוואל פאר עסטעטישען גענוס. פאר הנאה האָבען.

ה. זי איז דער גינסטיגער תנאי פאר א יושר׳דיגען סאָ־ציאָלען לעבען.

ווי עס איז דאָ לייכט צו באמערקען, זיינען פיר פונקטען פון אָן אלגעמיין־מענשליכען כאראקטער. אין זיי איז איינ־געשלאָסען דער געדאַנק, אז די תורה רעליגיע אידישקייט איז ניט נאָר „גוט פאר אידען״, נאר פאר מענשען בכלל. בלויז דער ערשטער פונקט האָט צו טאָן מיט אידען, און מיט איהם הויבען מיר אָן.

אויך וועלטליכע אידען זיינען מסכים, אז די אידישע רע־ליגיע איז דער זיכערסטער מיטעל פאר קיום האומה. די גאנ־צע גלות־געשיכטע האָט דאָס קלאָר באוויזען. מיר האָבען

וועלטליכע אידען, וואס זייענדיג אליין ניט רעליגיעז, ווילען זיי דאך, אז די אידישע רעליגיע זאל לעבען אום זי זאל מאכען מעגליך די אידיש־נאציאנאלע עקזיסטענץ. מיר האבען אפילו ניט רעליגיעזע אידען וואס זיינען אליין מקיים די מצוות מעשיות פון דער אידישער רעליגיע צוליב דעם נאציאנאלען מאטיוו. עס איז אויך קיין ספק ניט, אז די דאגה פאר׳ן אידישען קיום וואס האט ארומגעכאפט נאציאנאליסטישע וועלטליכע אידען פון געוויסע קרייזען — וואלט ניט עקזיסטירט, ווען עס זאל ביי זיי זיין די זיכערקייט, אז אויך אין דער צוקונפט וועט דאס אידישע פאלק, אדער זיין מערהייט, זיך האלטען ביי רעליגיע.

דאס אלץ צייגט, אז וועגען דעם כח פון דער אידישער רעליגיע אלס א שמירה־מיטעל פאר׳ן אידישען קיום איז ניטא איבעריגס צו ריידען. עס איז אבער נויטיג דערביי צו באמערקען, אז וואלט די חשיבות פון דער אידישער רעליגיע באשטאנען בלויז אין איהר כח פון נאציאנאלער דערהאלטונג — אזוי וואלט איהר זכות פאר עקזיסטענץ געווען זעהר א שוואכער. ווארום אין דעם מאמענט וואס מיר באטראכטען רעליגיע אלס א מיטעל — פארלירט זי איהר חשיבות און נויטיגקייט. זי פארלירט דאס, ווי נאר מיר געפינען, אדער דיינקען אז מיר קענען געפינען אנאדער מיטעל וואס דינט דעם זעלבען צוועק. פאקטיש איז דאס דער פאל מיט וועלטליכע אידען. זיי דיינקען, זיי זיינען זיכער, אז שפראך, לאנד, קולטור קענען פארנעמען דעם פלאץ פון רעליגיע אלס באשיצונג־מיטלען.

דאס איז איין שוואכער פונקט אין רעליגיע, ווען זי ווערט

באַטראַכט בלויז אלס א מיטעל. עס איז אָבער דאָ א צווייטער און ער איז דער עיקר: ווי נאר רעליגיע ווערט באטראכט בלויז אלס מיטעל צו א געוויסען צוועק, אזוי קאָן זי אויך אלס מיטעל ניט דינען.

רעליגיע, לויט איהר וועזענטליכקייט, איז ניט קיין מע־טאָדע. ענטוועדער זי איז א קוואַל פון נשמה׳דיגקייט, פון באַ־פרידיגונג, פון פרייד און הנאה און טרייסט; א רעגולירענדער פאַקטאָר אין שייכות מיט דאָס וויכטיגסטע פון מענשליכען דיינקען און פיהלען און האַנדלען — אדער זי איז גאָר ניט. ווערט זי אבער ניט מער ווי א מיטעל פאר אן אויסערליכער זאך, מעג די זאך זיין פון דער גרעסטער חשיבות, אזוי ווערט זי אליין געקינסטעלט, מעכאַניש, אָהן זין און אָהן טעם. זי איז ניט מער פערזענליך, זי איז ניט שעפעריש, ממילא איז זי סוף כל סוף פאר׳משפט צום אונטערגאַנג און ממילא קאן זי מער ניט דינען אלס מיטעל.

היטען שבת, לייגען תפלין, זיצען אין סוכה, בענשען אתרוג א. ז. וו. — צוליב קיום האומה איז די אומזיניגסטע זאך. איך טו די דאזיגע מצוות צוליב די דאזיגע מצוות גופא: אדער זיי פארשאפען מיר א פערזענליכע הנאה, און די דאזיגע הנאה קאן זיין פון פארשידענע כאַראַקטערען; אדער זיי געבען מיר א באפרידיגונג צוליב׳ן געפיהל, אז איך דערפיל א פליכט וואָס איז מיר טייער און הייליג; אדער איך דערוואַרט מקבל זיין שכר פאר זיי; אדער איך טו זיי מחמת מורא — איך וועל באַשטראָפט ווערען, אויב איך וועל זיי ניט טאָן. דאָס זיינען אלץ פערזענליכע מאָטיוועך און אין זיי איז דער כח פון רע־ליגיע. טאָן אָבער מצוות כדי דורך זיי זאָל איך דערמעגליכען

די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק, אדער זיך אידענטיפי־צירען מיט׳ן אידישען פאָלק — אַזאַ סאָרט רעליגיע האָט גע־קאָנט באַקומען אן אחיזה נאָר אין אונזער לעצטער אידיש־נאַציאָנאַליסטישער תקופה. און אזא סאָרט רעליגיע קאָן ניט זיין שעפעריש און דויערהאַפט.

דאָס איז בנוגע מצוות מעשיות. וואָס איז שייך רעליגיעזע אידעען און פרינציפען — האָבען זיי דאָך געוויס קיין זין ניט אין שייכות מיט קיום האומה. איך גלויב אין דעם אדער יע־נעם פרינציפ פון רעליגיע, ווייל ער לייגט זיך מיר אויפ׳ן שכל; ווייל איך וויל גלויבען (ס׳איז דא אַזאַ זאַך), ווייל ער שטילט מיך דאָרשט זיך צו אריענטירען אין די מורא׳דיגע רעטענישען פון לעבען און טויט, מענש און וועלט; ווייל ער פארשאפט מיר דאָס, וואָס מ׳רופט שלות־הנפש — וואָס האָט דאָס אָבער צו טאָן מיט קיום האומה?

און נעמט איהר אוועק פון רעליגיע איהרע אידעען און פרינציפען און שטעלט איהר אוועק בלויז אויף מצוות מעשיות — אזוי גזל׳ט איהר פון איהר אוועק איהר נשמה, מאכט איהר פון איהר א סקעלעט, א מומיע, וואָס ביים ערשטען ריהר צושיט זיך דאָס.

און דער עיקר איז, וואָס רעליגיע אלס א מיטעל צו א ציל קאָן ניט איבערגעגעבען ווערען צו אנדערע און צו קו־מענדיגע דורות. מ׳קאן איהר ניט אוועקשטעלען אלס יסוד פאר אידישער דערציהונג. מ׳קאן ניט לערנען א קינד, א תלמיד, אז עס זאָל זיין רעליגיעז כדי — די אידישע אומה זאָל עקזיסטירען.

די אידישע רעליגיע דארף דאריבער אפגעשאצט ווערען

לויט איהר אינערליכען, אייגענעם ווערט און די אויסגאַנגס־פּונקטען פאר דעם דארפען זיין, נאָך מיין מיינונג, די פיר שטאַנדפּונקטען וואָס זיינען אנגעצייכענט געוואָרען.

.3

איין באמערקונג וועגען די דאָזיגע פּונקטען אלס א כלל.

זיי זיינען ניט קיין טעאָלאָגישע ענינים. טעאלאגישע חקירות זיינען זעהר וויכטיג, ווען רעליגיע ווערט באהאנדעלט, און דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות איז שוין גאָר ניט מזלזל אין זיי. טעאָלאָגישע חקירות אָבער אין זייער תמצית זיינען פון אן אַלמענשליך־רעליגיעזען כאַראַקטער און זיך מיט זיי באשעפטיגען האָט דער שרייבער ניט בדעה אין דער דאָזיגער אָפּהאַנדלונג. דאָס איז איינס. צווייטענס, דיינקט דער מחבר, אז די געדאַנקען וואָס וועלען דאָ ארויסגעבראַכט ווע־רען זיינען ביכולת צו דינען אלס אן אָנרעגונג, אדער א רמז צום געדאַנק, אז די ריין טעאָלאָגישע־מעטאַפיזישע הנחות און מסקנות אין שייכות צו אידישקייט זיינען אמת . . .

נאר אויב אפילו די דאָזיגע אנרעגונג וועט ניט געשעהן וועל איך זיך באנוגענען מיט'ן באוואוסטזיין, אז א דענקענ־דער איד וועט זיך פון דעם וואָס דאָ וועט געזאָגט ווערען געוואוינען צו באַהאַנדלען די תורה־רעליגיע אידישקייט פון א ריין פּראַגמאַטישען שטאַנדפּונקט. דאָס איז דער שטאַנד־פּונקט וואָס לערנט אונז צו אנערקענען די אמת'דיגקייט פון א זאך לויט די רעזולטאַטען. לויט דעם ווי עס ווירקט. דער שרייבער פון די שורות איז ניט קיין הייסער חסיד פון דער שיטה פון פראגמאטיזם. דאָך באנוץ איך זיך מיט איהר, ווייל אין שייכות מיט'ן ענין וואָס ווערט דאָ באהאנדעלט שטימט

זי מיט דעם אמת וואָס איז פאַרבאָרגען טיף אין זיין, דעם מחבר'ס, הארצען. דער אמת וואָס אום איהם קלאָר מאַכען פאַר זיך גופא בויטיגט ער זיך ניט אין ראיות וואָס האָבען צו טאָהן מיט דער אויסערליכער ווירקליכקייט . . .

און איצט צום ענין.

צום אלעם ערשטען דער געזונטס־שטאַנדפונקט. דער חשוב'סטער און געווינשענסטער. און גלייך ביים אָנפאַנג זאָל דאָ געזאָגט ווערען, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט איז „גוט" פאַר'ן געזונט. פאַר'ן קערפערליכען און גייסטיגען גע־זונט.

עס איז א פראגע, צי די תורה־רעליגיע אידישקייט האָט אין איהרע פאַראָרדנונגען און פאָדערונגען אין זינען געהאַט דעם געזונטס־מאָמענט. מיר האָבען אזעלכע פסוקים, ווי „כל המחלה אשר שמתי במצרים לא אשים עליך"; „למען יאריכון ימיך"; „כי היא חייך ואורך ימיך", און דאָס גלייכען. עס לייגט זיך אויפ'ן שכל, אז די דאָזיגע פסוקים מיינען מער אן הבטחה, א באלוינונג איידער א תנאי פאַר געזונט. ווי דאָס זאָל אָבער ניט זיין, דאָס גלויבען אין דער אידישער אמונה און דאָס פּראַקטיצירען די מצוות מעשיות זיינען איינער פון די וויכטיגסטע תנאים פאַר'ן מענשענס געזונט. זיי זיינען ניט קיין מיטלען פון דער „היילונגס־מעדיצין", נאר פון דעם וואָס איז באקאנט אלס „פּרעווענטעטיוו־מעדיצין", וואָס איז אָהן א שיעור טייערער און ווירקזאמער ווי דאָס ערשטע.

ווי אזוי איז דאָס?

די תורה־רעליגיע אידישקייט דערציהט דעם אידישען מענשען אין דער מדה פון געמעסיגקייט אינ'ם ענין פון באַ־

פרידיגען זײנע קערפּערליכע באַדערפעגישען. אין עסען, למשל, װער עס האָט נאָר אַן עלעמענטאַרע ידיעה אין די כללים פון געזונט װײסט, אַז געמעסיגקײט אין עסען און טרינקען איז פון די נױטיגסטע תנאים פאַר׳ן געזונט. דאָס איז געװען און איז ביז אַ געװיסען גראַד נאָך הײנט אײנע פון די מדות פון דעם תורה־רעליגיע אידען. פון דעם „תלמיד חכם״. מיר האָבען אפילו אין דער אידישער פאָלקס־שפּראַך אַזעלכע אױסדרוקען װי „עסען אָבער ניט פרעסען״, „ניט נאָכ־געבען דעם טרײפענעם האַלז״, „שכור איז אַ גױ״, און בכלל זײנען אידען ניט געװען קײן „זולל וסובא׳ניקס״, אפילו אַזעל־כע אידען װאָס האָבען זיך דאָס געקענט פאַרגינען.

דער ענין פון כשרות. עס איז אַ פראַגע צי דאָס האָט צו טאָן מיט געזונט. עס איז אָבער קײן ספק ניט, אַז כשרות האָט מיטגעהאָלפען צו דערציהען דעם אידען אין געצאָמט־קײט אינ׳ם ענין פון עסען.

דער איד האָט אױך געהאַט אַ געװיסען שטײגער פון עסען װאָס האָט פיל געהאָלפען צו זײן געזונט. דער „גרײטען צום טיש״ אין מיטען אַ מיטװאָך, דער װאַשען זיך און זאָגען „שאו ידיכם״, דאָס ניט רײדען װעגען געשעפט בײם עסען, (אין משיחין בסעודה) דאָס עסען לאַנגזאַם און רוהיג, דאָס בלײבען זיצען בײם טיש נאָכ׳ן עסען און בענשען — דאָס זײנען געװאױנהײטען ניט נאָר פון דעם „תלמיד חכם״, און זײ, די דאָזיגע געװאױנהײטען, װי באַװאוסט, זײנען זעהר גוטע מיטלען פאַר׳ן אַפּעטיט און פאַרדײאונג, און דאָס מײנט — פאַר׳ן געזונט.

געװיסע הכנות צום עסען, רוהיגקײט בײם טיש, זײנען

אויך דאָ ביי אנדערע פעלקער, און ספּעציעל ביים ענגלישען פאָלק. די דאזיגע אייגענשאַפטען אָבער געפינען מיר בלויז ביי געוויסע פאָלקס־שיכטען און ביי באשטימטע מאָלצייטען. ביי אידען זיינען זיי געווען צווישען אַלע שיכטען און ביי אלע מאָלצייטען. זייער כח איז באַשטאַנען באזונדערס אין דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט א רעליגיעזע סאַנקציע.

אדער אין דעם ענין פון געשלעכט. דאָס איז א גוואלדיגע פּראָבלעם אין שייכות מיט׳ן געזונט פון קערפּער און גייסט. די אידישע רעליגיע האָט אין דעם ענין ארויסגעוויזען א פאר־שטענדניש אדער א חוש וואָס איז צו באוואונדערען.

דער תלמוד האָלט אין איין באפוילען צו חתונה האָבען יונג. ניט צו יונג, ווי עס איז דערנאָך איינגעפיהרט געוואָרען ביי אידען צוליב געוויסע געטאָ־תנאים, נאָר חתונה האָבען צווישען אכצען און צוואנציג יאָהר. דער תלמוד האָט אין דעם געהאַט א ריין־רעליגיעזע כוונה — דער איד זאָל וואָס פריהער מקיים זיין די מצוה פון פריה ורביה. ווייסען מיר אבער, ווי אזוי די דאזיגע מצוה האָט פארהיט דאָס אידישע לעבען פון דער קללה־פּראָסטיטוציע, און ווי אזוי זי האָט בכלל געווירקט, אז דער איד זאָל ניט ליידען פון א פאַרלענגערטען דערשטיק־טען געשלעכטליכען פארלאנג.

דערביי האָט זיך אָבער די אידישע רעליגיע ניט אָפּגע־שטעלט. זי האָט איינגעפיהרט אינ׳ם אידישען פאמיליען־לע־בען דעם ענין פון „נדה״ — אז קרוב צו א האלבען חודש זאָלען מאן און ווייב זיין דערווייטערט איינער פון דער צוויי־טער. דאָ זעהט זיך ווידער די אידישע געצאַמטקייט, וואָס איז, ביז צו א געוויסער מאָס, זעהר א גינסטיגער געזונטס־

תנאי אינ׳ם ענין פון געשלעכטליכען פארקער. אבער ניט נאר אין דעם באשטייט די מעלה פון דעם דאזיגען אידישען דין. גרויס איז די נוצליכקייט פון דעם דין מיט דעם, וואָס אין איהם איז פארבאָרגען א פיזיאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישער געזעץ פון אויסערגעוויינליכער חשיבות:

דאָס אָפּהאַלטען זיך יעדען חודש קרוב צו צוויי וואָכען פון געשלעכטליכען פאַרקער מאַכט רייף און פול דעם באגער סיי ביים מאַן סיי ביי דער פרוי. דאָס ברייננט דערצו, אז דער מאָמענט פון פאַרקער איז א מאָמענט פון מאַקסימאַלסטען פארגעניגען, און ממילא איז ער דער בעסטער פאר׳ן גע־זונט פון איהם און איהר און זייערע קינדער. אָבער דאָס איז ניט אַלץ.

דאָס פעריאָדישע אָפּהאַלטען זיך האַלט די ליבע און צוגעבונדענקייט צווישען מאַן און פרוי שטענדיג פריש און גאַנץ, און דאָס איז דער זיכערסטער פאַקטאָר פאר „שלום בית״, פאר שטענדיגער טריישאַפט צווישען מאַן און ווייב. „שלום בית״ פון דעם סאָרט איז זעלטען צו געפינען דאָרט, וואו געשלעכטליכער פאַרקער קריגט ניט קיין אָפּהאַלט און ווערט פון די סאַמע געוויינליכסטע זאכען אין לעבען.

דאָס פעהלען פון דעם סאָרט שלום בית גיט אונז, דרך אגב, א גענוגענדע דערקלערונג פאר די דערשיינונגען אין דעם „וועלטליכען״ אידישען און ניט־אידישען פאמיליען־לעבען, וואו מאַן און פרוי שטיקען זיך מיט זייער דאָרשט פאר דאָס נייע און פרישע און פאַרבאָטענע אין געשלעכטס־לעבען.

עס איז וואַרשיינליך, אז דער ענין פון „נדה״, פונקט ווי כשרות, האָט ניט צו טאָן מיט דער געזונטס־פּראָבלעם, אדער

מיט „שלום בית״. ווארשיינליך, אבער ניט זיכער. ווי די זאך זאל אבער ניט זיין, בדיעבד איז דער דאזיגער דין געווארען א קוואל, אדער איינער פון די קוואלען פון דעם אידישען אידעאלען פאמיליען־לעבען, וואס ווערט אזוי געלויבט אפילו פון אידישע שונאים און פארלוימדער.

רעדענדיג וועגען דעם אידישען פאמיליען־לעבען, לאז איך ניט ארויס פון זינען, אז אויך די אידישע צרות פון דרויסען, פון דער ניט־אידישער וועלט, האבען בייגעשטייערט צו זיין כאראקטער. דער איד האט געמוזט זוכען און געפינען טרייסט און פארגעניגען אין זיך אינטימען פאמיליען־ווינקעל, כדי ווי עס איז פארגעסען די בייזע וועלט פון זיין ארום. עס איז אבער קיין ספק ניט, אז מער ווי דער ניט־איד האט דער איד גענאסען פון זיין פאמיליען־לעבען, און דאס איז צוליב דעם פעריאדישען פיזיאלאגיש־פסיכאלאגישען פראצעס וואס ער האט דורכגעמאכט אין דעם דאזיגען לעבען. און זאל דא צוגעגעבען ווערען, אז דער מנהג פון „עונה״ (מאן און ווייב צוזאמענקונפט) דוקא פרייטאג צו נאכט, נאך דער שבת־סעודה, זמירות, שיר השירים, „אשת חיל״ — זינגען און נשמה יתרה'דיגקייט בכלל — אז דער דאזיגער מנהג האט ווידער געדינט אלס א פאזיטיווער פאקטאר אין דעם באזונדערען תענוג, וואס דער איד האט געפונען אין זיין פאמיליען־לע־בען.

די געשלעכטס און פאמיליען פראבלעמען זיינען פון די אנגעווייטיגסטע און באומרוהיגענדסטע אין דעם לעבען פון דעם מאדערנעם מענשען. די אידישע רעליגיע האט אויף זיי געענטפערט, מיט אדער אהן כוונה, אין איינקלאנג מיט'ן

שכל הישר און מיט די געזונטס־פאָדערונגען. זי האָט אויך געענטפערט די פראגע פון שיידונג פון מאַן און ווייב — גט. די דינים בנוגע דעם דאָזיגען ענין זיינען דאָ ניט לאַנג אנער־קענט געוואָרען פון דער ענגלישער רעגירונג אלס די בעס־טע און פראַקטישסטע, און איהרע רעפאָרמען אויף דעם גע־ביט דערנעהנטערען זיך צו די אידישע דינים.

מיר האָבען ווידער א דריטען פאקטאָר פאר׳ן פיזיש־פסיכישען געזונט פונ׳ם מענשען. דאָס איז רעקרעאַציע: די קערפערליכע און גייסטיגע אויסרוהונג און באנייאונג. אויך אויף דעם דאזיגען געביט האָט די אידישע רעליגיע ארויס־געוויזען א טיפע פארשטענדעניש און א געזונטען חוש.

דער אידישער שבת און יום טוב — דאָס זיינען די אי־דעאַלסטע און ווירקזאַמסטע אופנים פון רעקרעאַציע. מיר, קינדער פון דער היינטיגער צייט, קענען מער באגרייפען און אָפשאַצען די מערקווירדיגקייט פון די דאָזיגע אופנים, ווי דער מיטעלאלטערליכער געטאָ־איד, אדער דער נאָך אונז באַקאַנטער „שטעדטעל״־איד. מיר קענען דאָס מער, ווייל מיר זעהען דעם סאָרט רעקרעאַציע, וואָס דער היינטוועלטיגער מענש האָט.

דער שבת. דאָס מיינט ערשטענס, איין טאָג אין וואָך פון פולשטענדיגער רוה. צווייטענס, א טאג פון בארוהיגונג. רוה און בארוהיגונג זיינען צוויי באזונדערע זאכען, און דאָס צוויי־טע איז וויכטיגער פאר דעם ערשטען. איינער קאָן זיין רוהיג — ניט טאָן קיין ארבייט און ניט פיהלען קיין פיזישע אדער גייסטיגע מידקייט און צוזאמען מיט דעם זיין באַאומרוהיגט. דאָס מיינט, זיין גייסטיג באזאָרגט און צורודערט. בארוהיגט

מיינט, זיך גענצליך באפרייט פון דאָס אלטעגליכע און פון יעדער באאומרוהיגענדע מחשבה און עמאָציע. דער דאָזיגער צושטאַנד קאָן קומען פון א לכתחלה׳דיגער, באוואוסטזיניגער אָנשטריינגונג. דאָס קאָן אָבער אָפטמאָל ניט געלונגען. א זי־כערער תנאי פאר דעם דאָזיגען צושטאַנד איז דאָס איבער־וועקסלען דאָס געוויינליכע ארומיגקייט אין אן אַטמאָספערע פון פולשטענדיגער אנדערשקייט. אנדערע בגדים, אנדערע מאכלים, אנדערש גרייטען צום טיש, אנדערע פנים׳ער, דאָס הייסט די זעלבע פנים׳ער, אבער מיט אנדערע אויסדרוקען, אנדערע געשפרעכען, אנדערע תפלות און זמירות — און ממילא אנדערע געדאנקען און געפיהלען. דאָס איז דער אידי־שער שבת. דאָס אנדערשקייט גייט אזוי ווייט, אז מ׳טאר זיך אפילו ניט צוריהרען צו געוויסע וואכעדיגע כלים און זאכען (מוקצה), אלץ צוליב זיך באפרייען פון דאָס אלטעגליכע. ניט אומזיסט איז דער שבת אזוי שיין באזונגען געוואָרען אין אונזער ליטעראטור. קינסטלערישע נשמות האָבען געמוזט נתפעל ווערען פון שבת און אויסדריקען זייער באוואונדערונג פאר איהם כאטש — זיי אליין האָבען זיך שוין פון איהם אָפגעריסען . . .

עס איז דאָ א יש אומרים וואָס זאָגט ניט „כאטש", נאר „דערפאר". דאָס הייסט — ווייל זיי האָבען זיך פון איהם אָפ־געריסען, זאָל זיין אזוי. איז אָבער א פראגע: צי עס איז בע־סער און געזונטער דורכלעבען דעם שבת, צי איהם בלויז שילדערען און באזינגען. אויף דער דאָזיגער פראגע זאָל יע־דערער ענטפערען ווי ער פארשטייט.

די לעצטע יאָהרען איז אין ארץ ישראל, צוליב דעם חילול

שבת אין די וועלטליכע קרייזן, אויסגעוואַקסען א רייכע לי־טעראַטור בנוגע צו שבת. מען האַלט אין לויבען און ריהמען דעם שבת. דער צוגאַנג אָבער צו דעם איז א ריין־נאַציאָנאַ־ליסטישער. עס ווערט אומדערמידליך באוויזען, אז שבת האָט דערהאַלטען דעם אידישען פאָלק ביים לעבען און איז מסוגל צו דערהאַלטען א. ז. וו. דאָס איז די געוויינליכע נאַציאָנאַ־ליסטישע אידעאָלאָגיע, אויף וועמעס שוואַכקייט איך האָב זיך שוין דאָ אָפּגעשטעלט. עס ווערט אויסגעלאָזט, אָן א כיוון, דיינק איך, דער פּערזענליך־מענשליכער ווערט פון שבת. עס פאַלט ניט אויפ׳ן זינען דער געדאַנק, אז דער אידישער שבת איז ניט נאָר „גוט פאַר אידען״, נאָר אז ער וואָלט אויך געווען „גוט פאַר גויים״ . . .

עס פיהלען ניט די מליצי־יושר פאַר שבת, אז שבת איז ניט נאָר א טאג פון רוה, פון ניט ארבייטען. אזא טאָג איז אויך זונטאג. אזא סאָרט שבת־טאָג איז אויך איינגעפיהרט ביי־די אידישע ניט־רעליגיעזע ארבייטער אין ארץ ישראל. שבת איז בעיקר א טאָג פון נשמה־יתרה׳דיגקייט, פון גייסטיגקייט. איבּ אזוי קאָן שבת ניט זיין קיין טאָג פאַר „גיימס״, פאַר „ספּאָרט״, פאַר אויטאָמאָביל־טיולים (רייזעס און פּיקניקס). א פּשיטא שוין פאַר שרייבען בריוולאך, פאַר פּרעסען די הויזען און איינגעהען קנעפּלאך . . . (איך ווייס גוט די לאנגע שווערע ארבייט פון די אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל אין די וואָכעדיגע טעג, און ניט מיט איראָניע און צאָרן דער־מאָן איך יענע לייכטע באשעפטיגונגען שבת. איך דערמאָן דאָס מיט פאַרדרוס און טרויער).

איך וועל נאָך גיין ווייטער. שבת דאַרף אויך אפילו ניט זיין א טאג פאַר פּאָרטראַגען און פיהרען וכוחים וועגען די־

שאַבלאָנע סאָציאַל־פּאָליטישע, אדער נאַציאָנאַל־ווירטשאַפט־ליכע פראגען, א פשיטא שוין — פאר אָפּהאַלטען „כינוסים" (קאָנפערענצען) וועגען פּראַקטישע ענינים. טאַקע דערפאר ווייל זיי זיינען פּראַקטישע. פאַרטראַגען און וכוחים א. ז. וו. בילדען מיט זיך טאקע אנדערשקייט — זיי זיינען אבער ניט גייסטיגקייט, ניט שמחה, ניט נשמה־יתרה׳דיגקייט. קורץ, ניט מאָמענטען וואָס העלפען זיך ארויסרייסען פון דער גרויער ווירקליכקייט — די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטען פון שבת.

און דער אמת׳ער שבת מיינט כלל ניט א מין פוריטאַני־שער „בלויער זונטאג". עס איז שוין גאָר ניט „בלוי", ווען מען עסט און מ׳טרינקט, און מ׳פארברייגגט מיט דער פאמי־ליע, און מ׳דאווענט און מ׳לערענט, און מ׳זינגט זמירות און מ׳„זאָגט" פרק, און מ׳פּראַוועט שלש סעודות און מ׳זינגט ווײ־טער און מ׳רעדט דברי תורה. „בלוי" מיינט דער זעעלען־צו־שטאַנד פון נודיען זיך, פון לאַנגווייליגען זיך, פון פיהלען א פּוסטקייט און אומעט אויף דער נשמה. דער שבת־איד האָט אָבער קיינמאָל ניט געהאט פון די דאָזיגע געפיהלען. פאַרקערט, ערשט ווען „דער שבת קודש גייט אוועק", האָט ער אָנגעהוי־בען דערפיהלען די עצבות פון דער וואָכעדיגקייט וואָס רוקט זיך אָן. און אויך דעמאָלט האָט ער עס געזוכט צו פארטרייבען מיט דער מלוה מלכה און ווייטערדיגע זמירות. און באזונדערס — ביי חסידים. זיי האָבען אָפּגעשטופּט די וואָכעדיגקייט מיט טענץ און געזאנג און ספורי־מעשיות וועגען „איהם" שליט"א, אדער דעם „אלטען", זכרונו לברכה. ספורי מעשיות וואָס האָ־בען געשפּייזט די נשמה און דערהויבען דעם גייסט פונ׳ם פאָלקס־מענשען פיל מעהר ווי די פארשידענע סאָרטען פאר־

טראַגען און לעקציעס שפּייזען די נשמה פון דעם היינט־וועלטיגען פאָלקס־אידען.

ביי פילע פון אונז האָט דער „שטעטעל"דיגער שבת אי־בערגעלאָזט ניט קיין זעהר געשמאַקע זכרונות. אונזערע טאַ־טעס און רבי'ס האָבען געגען אונז, קינדער און תלמידים, זעהר פיל געזינדיגט, בלא יודעים, נאַטירליך. זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען אונזערע קינדערשע נשמות און אונז פאַרשטערט דעם שבת. בלויז פרייטאג נאָך האַלבען טאָג האָבען מיר הנאה געהאט. דעמאָלט זיינען מיר געוואָרען פריי פונ'ם חדר און געהאַט די מעגליכקייט צו געבען אן אויסדרוק אונזער קינדערשע ענערגיע און חשק צו שפּילען זיך. דאָס איז אבער ניט געווען גענוג. עס איז געקומען דער שבת און מען האָט אונז ווידער איינגעשפּאַנט אין עול. אין דער פריה — א לאַנגער דאַווענען און לייענען, בפרט אז עס איז געקומען א „חזן אויף שבת". ביים מאָלצייט — א לאנגע לאנגע סעודה. נאָכ'ן מאָלצייט האָבען פילע טאַטעס אונז געזוכט מזכה זייך מיט דער מצוה פון „שנה בשבת תענוג". נאָכדעם צוריק אין חדר אריין. דערנאָך — דאָס ערגסטע פאר אונז און פאר'ן רבי'ן — דאָס „פּארהערען". דאָס מיינט, אז דעם גאַנצען שבת־קודש האָט מען געהאַלטען אין שטיקען און דערשטיקען אונזער קינדערשע ענערגיע. קיין וואונדער ניט, וואָס ביי די מערסטע פון אונז האָט דער שבת איבערגעלאָזט א שלעכטען טעם און ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָבען מיר געגען איהם — רעוואָלטירט . . .

דאָס זאָגט אבער בכלל ניט אז שבת איז שולדיג. עס זאָגט נאָר, אז אונזערע טאַטעס זיינען געווען שלעכטע פּעדאַ־

גאַגען, אז זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, אז דאָס וואָס איז גע־ווען גוט פאר זיי, איז גאָר ניט געווען אזוי גוט פאר זייערע קינדער. וועלען מיר לערנען דערפון, ווי אזוי צופּאַסען דעם שבת צום קינד, און באזונדערס — צום אידישען קינד אין אמעריקא.

און א טייל פון מאָדערנע אידישע פּעדאַגאָגען האָבען שוין אָנגעהויבען לערנען. זיי האָבען אָנגעהויבען איינזעהן, אז דאָס אידישע קינד אין אמעריקא, והוא הדין מיט׳ן אידי־שען קינד אין אנדערע לענדער, האָט ליב שבת, און דוקא דעם טראַדיציאָנעלען שבת. אונזער קינד איז פארזונקען אין וואָכעדיגקייט. זיין פיזישע ענערגיע געפינט אומבאַגרעניצטע מעגליכקייטען פאר איהר שפּיל און טעטיגקייט דורך דער גאַנצער וואָך. האָט ער גוואלדיג הנאה פונ׳ם ליכט בענשען און קידוש, פון די זמירות און זיין טלית׳ל און זיין עולה לתורה זיין און דער גאַנצער שבת׳דיגער אַטמאָספערע. ער האָט הנאה ווייל עס איז אַנדערש, ווייל עס איז גייסטיגענד, ווייל עס איז רעקרעאַטיוו.

און דאָ רעדט זיך ניט פון אן אויסגעטראַכטער טעאָריע, נאר פון פּראַקטיקע, פון דערפארונג. דער שרייבער פון די שורות האָט זיך צוזאמענגעטראָפען מיט שבת־קינדער אין די הונדערטער און טויזענדער, סיי ווינטער אין זייערע קינדער־שולען, סיי זומער אין זייערע קעמפּס. האָט ער אויסגעפונען, אז שבת איז פאר׳ן אידישען קינד, ווי, רעדענדיג אביסעל מליצה׳דיג, דער מאָרגענדיגער טוי אויף גראָז און בלו־מען, ווי א קוואַל וואסער פאר׳ן דאָרשטיגען אין דער מדבר, אדער ווי דער טייך און וואַלד פאר דעם אַמאָליגען חדר־אינ־

געל אין א זומערדיגען פרייטאג נאָכמיטאג . . .

און פארקערט, פאר דעם היינטיגען אידישען קינד וואָס האָט ניט קיין שבת, מיינט איהם לאָזען פארדארט אָהן א טראָפען אידישער זאפטיגקייט, און אָהן א ברעקעל מענשליכער נשמה׳דיגקייט.

נאָר לאָמיר גיין צוריק צו די דערוואַקסענע אידען.

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרען וועגען שבת באציהט זיך, נאַטירליך, אויך אויף די ימים טובים. זיי זיינען לייגגערע צייט־פעריאָדען פאר רוה און רעקרעאַציע, און מיט זייער אַנדערשקייט, אנדערש אויך פון שבת, האָבען זיי נאָך מער ווי שבת פאַרשאַפט דעם אידען פיזישען און גייסטיגען פארגעניגען. און זאָל דאָ ווידער באמערקט ווערען, ניט אלס פייערונגען פון נאציאָנאַל־געשיכטליכע פאסירונגען האָבען די אידישע ימים טובים געשפילט זייער ראָלע נאָר אלס טעג פון פערזענליכער הנאה און גייסטיגקייט.

און צווישען די ימים טובים פארנעמען ראש השנה און יום כפור דעם חשוב׳סטען פלאַץ אלס „ימים נוראים״, ווייל אין זייער אינהאַלט און אופן פון פייערונג זיינען זיי די פערזענליכסטע, אויב ס׳איז דערלויבט זיך אזוי אויסדריקען. זיי זיינען דער מאַקסימאַלסטער אויסדרוק פון אינדיווידועלער גייסטיגונג, פון עלית נשמה און קדושה. דאָס זיינען טעג פון השבון הנפש, פון זיך פארטראכטען איבער דעם גורל פון דעם יחיד, פון דעם פאָלק און מענשהייט, און אויך פון דער גאַנצער געשיכטע, אידישע און אַלוועלטליכע, און פון דעם גאַנצען קאָסמאָס.

ביי קיין פאָלק זיינען ניטא „ימים נוראים״. ניט־אידען

האָבען „ניו יירס". ווייסען מיר דאָך וואָס פאר אן עלית־נשמה עס ברייננגט מיט זיך דער „ניו יירס איוו". אונזערע וועלטליכע אידען פארפעהלען זיך פארטראַכטען און מאַכען א פארגלייך, פון א ריין־מענשליכען שטאַנדפונקט, צווישען דעם „ניו יירס איוו" און דעם ערשטען טאָג ראש השנה פאר תקיעות, למשל, אדער כל־נדרי אווענד. אונזערע ניט־רעליגיעזע ארבייטער קרייזען אין ארץ ישראל האָבען נאָך א געוויסע פּאָזיטיווע באַציהונג צו די אַנדערע אידישע ימים טובים. מיט ראש השנה און יום כפור אָבער הויבען זיי ניט אָן צו וויסען וואָס צו טאָן... אין זייער נעגאַטיווער שטעלונג צו רעליגיע פארקוקען זיי דעם ריין־מענשליכען און אלוועלטליכען כאַראַקטער פון די „ימים נוראים".

— — —

די רעליגיעזע אידישקייט האָט ארייננגעטראָגען אינ'ם אידישען לעבען דעם מאָמענט פון רעקרעאַציע ניט נאר דורך שבת און יום טוב, נאָר אויך דורך תורה לערנען. דאָס איז א סאָרט דערפרישונג און בארוהיגונג, וואָס מיר געפינען ניט ביי קיין אומה ולשון.

די רגילות „ארייננקוקען" אין א ספר וואָס מיר געפינען כמעט ביי יעדען רעליגיעזען אידען; די „קביעת עתים לתורה" — דאָס באשטימען געוויסע שטונדען אין מעת לעת צו לערנען ביי דעם „תלמידי חכמים" טיפּ — האָבען ניט נאר באַשעפטיגט דעם מוח, נאָר האָבען אויך געבראַכט טרייסט און בארוהיגונג דער נשמה. לערנענדיג תורה האָט זיך דער איד ארויסגעריסען פון זיין גרויער און צרה'דיגער אלטעגליכקייט און זיך אוועקגעטראָגען אין א וועלט פון יום־טוב'דיגקייט.

ביאַליק האָט דעם דאָזיגען מאָמענט גוט דורכגעפיהלט און איהם אויסגעדריקט אין זיין געדיכט „אם יש את נפשך לדעת". און נאָך עד היום, ווען אידישע וועלטליכקייט און „קולטור" זיינען אריין אין דער מאָדע, געפינען זיך הונדער־טער טויזענדער אידען איבער גאָר דער וועלט, ביי וועמען תורה לערנען איז דער קוואַל, פון וואַנען זיי שעפּען מוטיגונג און בארוהיגונג.

עס האָט זיך דאָ גערעדט פון דער רעליגיע־אידישקייט אלס א געזונטס־תנאי אין שייכות מיט געוויסע עלעמענטען פון איהר פּראַקטישער זייט. איך האַלט ניט פאר נויטיג זיך באזונדערס אָפּשטעלען אויף איהר אין שייכות מיט איהרע פּרינציפּען און אנשויאונגען. רעליגיע בכלל איז א געזונטס־פאַקטאָר. די אידישע רעליגיע אבער מער ווי אנדערע רע־ליגיעס, צייכענט זיך אויס מיט דעם. זי האָט דאָס ביים אידען אַנטוויקעלט די מדות פון בטחון, פון אָפּטימיזם, פון פריידיג־קייט, און באזונדערס דעם געפיהל, אז עס איז דא זיניגקייט אין לעבען. דער רעליגיעזער איד נעמט אָן, אז „יש דין ויש דיין", אז עס איז דא א שכל און תכלית אין לעבען, כאָטש עס איז פול מיט יסורים און אומזיניגקייטען. די דאָזיגע אנערקע־נונג איז איינער פון די תנאים פאר גייסטיגען גלייכגעוויכט, פאר ניט „אריינפאַלען אין מרה שחורה", און זי האָט באזונ־דערס דורכגעפיהרט איהר ראָלע פאר דעם אידען אין זיין אומדערטרעגליכען גלות־לעבען.

איך האָב זיך דאָ גענומען די דערלויבעניש צו ריידען וועגען דער רעליגיע אידישקייט אין פארבינדונג מיט געזונט, כאָטש איך בין ניט קיין מעדיצינער און ניט קיין פּסיכיאַטאָר.

איך האב דאס געטאן, ווייל איך האלט, אז יעדער איינער וואס איז מסוגל נאכצודיינקען ערנסט וועגען מענשליכען לעבען — וועט קומען צו די שלוסען צו וועלכע איך בין גע־קומען. עס איז גענוג צו קריגען א באקאנטשאפט מיט די געוויינליכע קראנקהייטען פון דעם גוף און באזונדערס — מיט די פסיכישע אומאָרדנונגען וואָס פלאגען דעם מאדערנעם מענשען, א באקאנטשאפט מיט זייערע סבות און מיט די רפואות וואס ערנסטע און ערליכע מעדיצינער און פסיכיא־טארס שלאגען פאר — אום צו קומען צו דער אנערקענונג וואס איז דא ארויסגעבראכט געווארען: אז די הויפט תנאים פאר א געזונטען, נאָרמאלען לעבען זיינען—געמעסיגקייט און געצאמקייט בכלל; פולע געשלעכטליכע באפרידיגונג וואָס איז באהויכט פון א נאָרמאלען „ראָמאַנטיזם"; רעקרעאציע, ווי זי איז דא אין אלגעמיינע שטריכען באצייכענט געווארען און די אנערקענונג פון זיניגקייט און צוועקמעסיגקייט אין לעבען.

דאס איז די ביישטייערונג פון דער רעליגיע אידישקייט אלס א צוגאב צו די דערגרייכונגען פון וויסענשאפט און קונסט לטובת דעם מענשליכען גליק, ווען די דאזיגע דער־גרייכונגען ווערען באנוצט אויף א ראציאנאלען און עטישען אופן.

געוויס. רעליגיע איז ניט אין גאַנצען א קוואל פון נחת און פארגעניגען. זי לייגט אויך ארויף פליכטען וואס זיינען על פי רוב שווער און אומבאקוועם און אויך פיל מאל ניט שכל'דיג. די שווערינקייטען און אומבאקוועמליכקייטען אבער, זייענדיג פון א צייטווייליגען כאראַקטער, ווערען בטל לגבי דעם נחת און הנאה פון רעליגיע, וואס זיינען פון א סטאבילען

און דויערהאפטען כאראקטער, און באזונדערס ווערען זיי בטל לגבי רעליגיע אלס א גאנצעס.

איך שטעל מיך פאר די אידישע גבורי־הרוח פון אלע דורות — די נביאים, די עזרא׳ס ונחמיה׳ס, די הלל׳ס און בן זכאי׳ס, די רש״י׳ס און רמב״ם׳ס, אלס גייסטער וואס האבען פארמאגט דעם רעליגיעזען אחריות־געפיהל און פליכט־באַוואוסטזיין אין דער מאקסימאלסטער מאָס. צוזאמען מיט דעם אבער זעה איך זיי אלס געזונטע, הארמאנישע און פריידיגע נשמות. אבער ניט נאר זיי, די גדולים, נאר אויך די כאראקטעריסטישע טיפען פון די אידישע פאלקס־מאסען: א „גדליה״ פון א יהודה שטיינבערג, א „טוביה דער מילכיגער״ פון שלום עליכם און די פארשידענע פאלקס־כאראקטערס אין די שאַפונגען פון פרצ׳ן, בארדיטשעווסקי׳ן און עגנון — זיינען אלע געזונטע מענשען, פיזיש און גייסטיג, באזונדערס גייסטיג.

צום סוף פון דער אפהאנדלונג וועגען דעם געזונטס־פונקט זאל דא באמערקט ווערען, דאס איך האב כלל ניט פארגעסען, אז דאס אידישע פאלק צייכענט זיך באזונדערס ניט אויס מיט זיין פיזישער גבורה. איך פארגעס ניט, אז דאס „שטעטעל״ האט ניט געהאט קיין מאנגעל אין משוגעים, אין מרה־שחורה׳דיגע, און אין מענשען שברי־כלים. דארף מען אבער דערביי אין זינען האבען די שוידערליכע דחקות פון אידען, די טויזענטער יאהרען פון רדיפות און נגישות, דער אייביגער אימת־מות פאר׳ן „גוי״, די אומבאשרייבליכע אומהיגיענישע באדינגונגען פון דער הונדערטער־יעריגער געטא. קורץ, דעם גאנצען גיהנום־לעבען וואס דער איד האט געהאט אויף דער וועלט. האבענדיג דאס אין זינען מוזט

איהר פשוט שטוינען פון דעם, וואס דאס אידישע פאלק איז שוין לאנג ניט אונטערגעגאנגען פיזיש, אדער איז ניט דע־גענערירט געווארען פסיכיש.

דאס איז איינע פון די וועלט רעטענישען. און קיין אנדער פתרון דערצו איז ניטא ווי די רעליגיע אידישקייט.

איהר קענט אויסדריקען די אויבן דערמאנטע באמערקונ־גען אין אן אנדער נוסח: דאס אידישע פאלק וואלט געווען דאס געזונטסטע, דאס פרייליכסטע און גליקליכסטע פאלק אין דער וועלט — ווען ער זאל געווען פארמאגען א מינימום פון נארמאל עקאנאמיש־סאציאלע באדינגונגען, ווען ער זאל ניט געווען זיין אויסגעזעצט, פאר טויזענטער יאהרען, צו די אונ־מענשליכסטע פארפאלגונגען.

די דאזיגע באטראכטונגען פיהרען אונז צום לאגישען שלוס, אז ווען דאס אידישע לעבען וועט עקאנאמיש און סאציאל נארמאליזירט ווערען, און צו דעם וועט נאך די אידי־שע רעליגיע ממשיך זיין איהר געזונטע ווירקונג — דעמאלט וועט דאס אידישע פאלק קענען דינען אלס א מאדעל פון פיזישען געזונט און גייסטיגער גאנצקייט און הארמאניע.

.4

שווער איז פאר דעם ניט מעדיקער־פסיכיאטאר צו בא־ווייזען וויסענשאפטליך, אז די אידישע רעליגיע איז א וויכ־טיגע ביישטייערונג צו דעם געזונט פון גוף און נשמה. ער קאן בלויז ארויס זאגען השערות וועגען דעם. השערות וואס בליצען אויף ביי איהם ווען ער לייענט, למשל, אזא בוך ווי „מאן די אננאון" פון דעם בארימטען ביאלאג־מעדיקער

אלעקסיס קארעל, אדער א בוך ווי: „די ריטוירן טו רעלידזשאן" פון דר. הענרי ס. לינק, דירעקטאר פון ניו יארקער צענטער פאר מעדיציניש־פסיכאלאגישער הילף.

דאס איינציגע וואס בלייבט ביים ניט מעדיקער־פסיכיאטאר, איז די האפנונג, אז מיט דער צייט וועט זיך אפזוכען א מעדיקער־פסיכיאטאר, א איד אדער א ניט איד, וואס וועט מאכען א ספעציעלען שטודיום וועגען דער אידישער רעליגיע און איהר ווירקונג אויפ'ן געזונט — און וויסענשאפטליך באשטעטיגען די השערות וועגען דעם...

לייכטער איז אָבער פאר דעם אידישען פארשער ווען ער רעדט וועגען דער אידישער רעליגיע אלס א עטישע לערע. ווען ער נעמט זיך אונטער צו באווייזען, אז די אידישע רעליגיע איז מער ביכולת צו מגדל זיין עטישע מענשען ווי אירגענד וועלכע אנדער רעליגיע, אדער סתם עטיק.

אז די אידישע רעליגיע איז אין איהר תוך א לערע פון עטיק — גיבען צו די מערסטע וועלטליכע אידען. דאָס הייסט, די אידען וואס האלטען אז עטִיק בכלל איז „אן ענין", און ניט גלאט א „בורזשואזנע מאכערייקע". די וועלטליכע אידען אבער, בדרך כלל, האלטען, אז עטיק און רעליגיע זיינען צוויי באזונדערע זאכען: רעליגיע, זאָגען זיי, ניט זי איז א שטיצע פאר עטיק און ממילא איז ניט־רעליגיע א שטער פאר עטיק. עס איז אויך אן אנגענומענער געדאנק ביי ניט־רעליגיעזע וויסענשאפטליכער, אז די קאמבינאציע פון רעליגיע און עטיק איז א געשיכטליך־צופעליגע דערשיינונג. רעליגיע איז געווען פארבונדען מיט עטיק, אדער זיך אי־דענטיפיצירט מיט איהר, פונקט ווי דאָס איז געווען דער

פאל פון רעליגיע אין שייכות מיט וויסענשאפט. דאס הייסט, פונקט ווי זי, רעליגיע, האָט ביז די לעצטע צוויי־דריי הונ־דערט יאהר געהאט פאר זיך די אויפגאבע צו געבען דער־קלערונגען אויף אלע זעהנבארע דערשיינונגען פון דער נא־טור; פונקט ווי זי איז געווען פארבונדען מיט קונסט־מוזיק, טעאטער, פאעזיע, שניצעריי, מאלעריי, סקולפטור, אזוי איז רעליגיע באטראכט געווארען אלס דער קוואל פון עטיק און דער ווערען פון עטיק.

יענע צייטען, זאגען די דאזיגע וויסענשאפטליכער, זיינען שוין אוועק. וויסענשאפט און קונסט זיינען שוין זעלבסט־שטענדיגע צווייגען פון מענשליכען שאפען. זיי האבען שוין ניט צו טאן מיט רעליגיע. אזוי איז און דארף זיין מיט עטיק. עטיק — אדער זי איז א דערוואָרבענער גייסטיגער קנין, אלס א רעזולטאַט פון דורות־דורות אָנגעזאַמעלטער מענשליכער דערפארונג אין דעם סאציאלען צוזאמענלעבען, אדער זי איז א געוויסע נאטירליכע איינגעבוירענע אייגענשאפט ביי דעם דורכשניטליכען נארמאלען מענשען.

די דאזיגע דערקלערונג קאן זיך זיין אמת. עס איז אבער אויך אמת, אז ווען עטיק שטיצט זיך אויף רעליגיע און ווערט פון איהר סאנקציאנירט, איז זי זיכערער, סטאבילער ווי עטיק אהן רעליגיע.

א פאר באמערקונגען וועלען קלערער מאכען דעם גע־דאנק. עס איז אן אנערקענטער פאקט, אז די מדה פון עטיש־קייט איז פארשידען אין איהר מאס און איהר אינטענסיווי־טעט ביי מענשען. ביי איינעם פעהלט זי אין גאנצען. ביי א צווייטען געפינט זי זיך אין א פארגרעסערטע פראפארציע,

ביי א דריטען, א פערטען א. ז. וו. אין נאָך א גרעסערער, און ביי איינעם דערגרייכט זי דעם מאקסימום פון טיפקייט. אין דער רעליגיעזער טערמינאלאגיע ווערט דער ערשטער סארט מענש באצייכענט אלס „רשע". דער לעצטער — אלס „צדיק", אדער „קדוש". די צווישען זיי מענשען — אלס „בינונים" פון פארשידענע גראדען פון עטישקייט. דער „רשע", באנוצענדיג זיך ווייטער מיט דער רעליגיעזער טערמינאלאגיע, איז אין גאנצען באהערשט פון זיין „יצר הרע". דער „צדיק" — פון זיין „יצר טוב". ביי די „בינונים", וועלכע זיינען די מערסטע און דורכשניטליכע מענשען, איז א שטענדיגער „ויתרוצצו", א קאָנפליקט, צווישען „יצר הרע" און „יצר טוב", צווישען רשעות און צדקות.

אנערקענענדיג דעם דאָזיגען פאקט וועלען מיר זיך דערשלאגען צום געדאנק, אז דער צדיק נויטיגט זיך ניט אין רעליגיע, אויף וויפיל זי האט צוטאן מיט ענינים פון עטיק. הלל, למשל, קענען מיר זיך פארשטעלען וואלט געווען די זעלבע עטישע פערזענליכקייט, אדער כמעט די זעלבע, אהן רעליגיע. סאָקראַטעס — אָהן זיין גלויבען אין גאָט אדער געטער אלס עטישע וועזענס. אין אונזער דור, למשל, וואלט דער „חפץ חיים" געווען דער זעלבער אין זיין עטישקייט אהן זיין אויסערגעוויינליכער פרומקייט. מיר קענען גיין ווייטער: פעטער קראפאטקין, דער אנארכיסט און כופר בעיקר, קאן מיט פולער רעכט באצייכענט ווערען אלס „צדיק" פון א ריין־עטישען שטאנדפונקט. דאס זעלבע מיט טאלסטאי און גאנדי, ווען מיר נעמען אן דעם קוק פון אפיציעלער רעליגיע, אז זיי זיינען ניט קיין רעליגיעזע פערזענליכקייטען.

און ווען מיר זעהן מענשען וואס זיינען אי טיף רעליגיעז, אי עטיש צו דער העכסטער מדרגה, קאן אונז דערלויבט ווערען צו זאגען, אז די דאזיגע צוויי אייגענשאפען ציהען זייער יניקה פון צוויי באזונדערע קוואלען.

דאס איז אליץ גערעדט וועגען צדיק, דער זעלטענער טיפ אין דעם מענשליכען מין. אנדערש איז אבער מיט'ן „רשע" און מיט'ן „בינוני". די דאזיגע מענשליכע טיפען נויטיגען זיך אין רעליגיע. פאר דעם „רשע" איז ניטא קיין כח אין דער וועלט וואס זאל טויטען אין איהם זיין „יצר הרע", אדער לכל הפחות איהם אפשוואכען—חוץ רעליגיע. דאס קומט אויך פאר זעהר זעלטען. ווייל אויב מיר נעמען אן, אז „רשעות" (אדער „צדקות") איז אן אייגעבוירענע אייגענשאפט, אזוי מוזען מיר אויך אנערקענען, אז זי לאזט זיך ניט אזוי לייכט „ברעכען". דאך געפינען מיר אמאל, אז א „רשע" ווערט א „בעל תשובה". דאס הייסט ער „ברעכט" זיין נאטור. דאס קומט פאר אממערסטען דורכ'ן כח פון רעליגיע. און אין דעם ליגט פארבארגען די עטיק־ראלע פון רעליגיע.

נאך מער אבער דינט רעליגיע אלס אן עטישער כח אין באצוג צום „בינוני". ביי איהם, ווי שוין דא באמערקט, קומט פאר, באוואוסטזיניג און אומבאוואוסזיניג, א שטענדיגער „ויתרוצצו" צווישען „יצר הרע" און „יצר טוב", ווען ער שטייט פאר א געוויסען נסיון. און אזא פאל איז אמאל גובר איין צד און אמאל דער צווייטער. דא קומט רעליגיע און איז מכריע — ווערט דער א איבערוועגענדער פאקטאר.

א שיינע, אינהאלטסרייכע רעליגיעזע דערציהונג; א ריינע רעליגיעזע סביבה; באקאנטשאפט מיט'ן אוצר פון גע־

דאנקען אין די רעליגיעזע ליטערארישע שאפונגען, און באזונדערס א נאָהענטער קאָנטאַקט מיט ליכטיגע רעליגיעזע פערזענליכקייטען — זיי אלע העלפען צו פארטיפען און פארשטאַרקען דעם עטישען געפיהל אדער חוש ביים „בינוני״, און צו ביישטיין נסיונות.

אין וואס באשטייט דער דאזיגער כח פון רעליגיע? מיט דעם וואס רעליגיע באגרענעצט זיך ניט מיט עטיק, נאר צושפרייט זיך איבער דער גאנצער נשמה פונ׳ם מענשען. רעליגיע האט צו טאן מיט גאט, מיט לעבען און טויט, מיט דער גאנצער וועלט־מיסטעריע. רעליגיע איז מסוגל צו באווע־גען דעם מענשען, מער ווי אירגענד וועלכע אנדער עמאָציע אדער אידעע, צו די גרעסטע פיזישע און גייסטיגע אָנשטריינ־גונגען, צו ליידען די פיינליכסטע יסורים, זיך פאר איהר מוסר נפש זיין. רעליגיע איז אויך א קוואל פון טיפסטען פארגע־ניגען, פון עקסטאַז און דביקות. די דאָזיגע באזונדערע אייגענשאפטען פון רעליגיע דינען אלס א מעכטיגער כח צו באוועגען „רשעים״ אז זיי זאלען זיך „ברעכען״, און א פשיטא שוין אז זיי דינען צומאכען דעם עטישען געפיהל פון דעם „בינוני״ פאר׳ן דאָמינירענדען געפיהל און אַמאָל אויך איהם, דעם בינוני, צו דערהויבען צו דעם מדרגה פונ׳ם „צדיק״.

אנדערש איז מיט׳ן עטישען געפיהל ווען ער איז אליין, ווען ער קריגט ניט קיין נאהרונג פון רעליגיע.

דער „רשע״ וואס איז ניט רעליגיעז האט ניט קיין אויטאָריטעטישע מאַכט וואס וועקען אין איהם „הרהורי־תשובה״, וואָס זאָל איהם באוועגען זיך פארטראכטען וועגען זיך און וואָס זאָל איהם העלפען תשובה טאָן. דער רשע אנער־

קענט בלויז איין מאכט — די פּאָליציייאישע. דאָס איז, דרך אגב, ניט שלעכט. וועגען דעם זאָגען די אידישע חכמים: „אלמלא מוראה של מלכות, איש את רעהו חיים בלעו" — ווען ניט די מורא פאר דער רעגירונג וואָלט איינער דעם אנ־דערען איינגעשלונגען א לעבעדיגען. עס איז אבער זעהר צווייפעלהאפט, צי די מענשליכע געזעלשאפט וואָלט געקענט עקזיסטירען, ווען זי וואָלט זיך געדארפט שטיצען בלויז אויף דער רעגירונג־מאַכט, ווען מענשען וואָלטען אליין זיך ניט קאָנטראָלירט בנוגע צו מיאוסע האנדלונגען און אליין ניט געוועזען באוועגט צו גוטע מעשים.

פאר דעם רשע, דאריבער, וואָס רעכענט זיך בלויז מיט דער פאליציי־אישער מאכט און איז ניט רעליגיעז — איז ניטא קיין האפענונג, אז ער זאל זיך ענדערען. אבער ניט נאר וועגען רשע קאן דאס געזאגט ווערען. אויך די עטיש־קייט פון דעם בינוני איז א שוואכע, א וואקלענדיגע, ווען זי געפינט ניט קיין שטיצע אין דעם רעליגיעזען געפיהל און געדאנק. אויך דער בינוני וועט שוין געפינען ביי יעדען נסיון גענוג תירוצים צו בארעכטיגען און פארענטפערען דאס אומעטישע.

די עטיק ווערט געקרעפטיגט און סטאביליזירט דורך רעליגיע אויך צוליב אנאנדער טעם: רעליגיע איז בטבע פעדאגאגיש, דיסציפּלינירענד. דערמיט שאפט זי ביים מענשען עטישע אייגענשאפטען, וואס ווערען מיט דער צייט „א צווייטע נאטור". אהן איהר אבער איז די מענשליכע עטישקייט ניט מער ווי אן אבסטראקטע פארמולע וועגען „גוט" און „שלעכט", אדער א פאר'יתום'טע, איזאלירטע

אייגענשאפט וואס ווערט צושלאגגען ביי די פעלזען פון דער ווירקליכקייט.

מ׳דארף אויך אין זינען האבען נאך א פאקטאר אין דער פראָבלעם פון רעליגיע־עטיק. דאָס איז פערזענליכקייטען. די ווירקונג פון גרויסע עטישע פערזענליכקייטען אויף זייער סביבה און דור, איז אהן אן ערך גרעסער ווי די ווירקונג פון די שענסטע עטישע תורות. אבער נאך פיל גרעסער איז די ווירקונג פון רעליגעז־עטישע פערזענליכקייטען. צוליב דעם פריהער דערמאָנטען טעם: די ספעציעלע אייגענשאפטען פון דעם רעליגיעזען געפיהל וואס האבען קיין שייכות ניט מיט עטיק.

רבי לוי יצחק בארדיטשעווער, למשל, האָט באאיינפלוסט זיין סביבה און ארויסגערופען ביי איהר באוואונדערונג און פארגעטערונג ניט נאר מיט זיין „גאלדענער נשמה״, מיט זיין אהבת ישראל און אהבת האדם, נאר אויך ווייל די דאזיגע מדות האָבען זיך פארבונדען מיט זיין ליידענשאפטליכער רעליגיעזיטעט, מיט זיין פייערדיגער אהבת הבורא.

און זאל דא באמערקט ווערען, אז רעליגיע אהן עטיק איז אן אבסורד, א פארזעהעניש. און ניט נאר דאס, מיאוסע מידות און האנדלונגען מצד א רעליגיעזען מענשען זיינען א סם המות פאר רעליגיע. מער סם, אפשר, ווי דער אפיקורסישער קאמף געגען רעליגיע. מיאוסע מדות ביי א רעליגיעזען מענשען טויטען די מעגליכקייט פון דער ווירקונג פון רעליגיע אויף דעם דורכשניטליכען מענשען, וואָס זוכט יושר און אמת אין לעבען. פון דער אנדערער זייט אבער איז עטיק אהן רעליגיע א קריינקליכע בריאה, א גע־

וואוקס וואס ווערט ניט געגעהרט געגוג פון זון און לופט און וואסער.

און דא איז אויך כדאי צו באמערקען, אז מיט אלע ראציאנאליסטישע דערקלערונגען וועגען דעם שורש און געשיכטליכער אנטוויקלונג פון עטיק — איז זי באמת א מיסטעריעזער ענין. עס איז באוואוסט, אז דער גרויסער פילאזאף, עמנואל קאנט האט אין דער עקזיסטענץ פון דעם עטישען חוש ביים מענשען געזעהן די הויפט ראיה פאר דער עקזיסטענץ פון גאט...

ביים סוף פון דער פארהאנדלונג פונ׳ם דאזיגען ענין איז ניט איבעריג צו געבען, אז די אידיש-רעליגיעזע עטיק איז א מענשליך-פראקטישע. „לא בשמים היא״. זי האט אין זיך אויך ניט פון דעם „וצדקתך״-עלעמענט, פון „שטעל אן די צווייטע באק״ כאראקטער, וואס מיר געפינען ערגעץ-אנדערש. און צוליב דעם טאקע איז זי געווען מער ווירקזאם אין דער פארגאנגענהייט און באזיצט מער כחות צו ווירקען אין דער צוקונפט.

.5

מיר קומען צום דריטען פונקט: די אידישע רעליגיע און עסטעטיק.

די אידישע רעליגיע פארמאָגט די אייגענשאַפ־טען וואָס זיינען ביכולת צו פארשאַפען דעם מענשען אן עסטעטישען געגוס. צו שטילען זיין עמאציאנעלען הונגער. דער אידיש-רעליגיעזער צערעמאניאל איז פול מיט פייער־ליכקייט. אויב איהר ווילט רופט דאס „טעאטראלישקייט״.

דער ערב שבת, ווען די מאמע, ארומגערינגעלט פון די בני בית, שבת'דיג אויסגעפוצט, בענשט ליכט; קידוש און זמירות; שבת אין דער פריה — הוצאת התורה און קריאת התורה; דאָס דוכנ'ען פון די כהנים יום־טוב צייט, די פסח'־דיגע סדרים, די שבועות'דיגע דעקארירונג מיט בוימער און גראז. דער אקדמות מיט זיין מאיעסטעטישען ניגון, וואס דריקט אויס אי טריאומף, אי ליידענשאפטליכע בייִנקעניש; ראש השנה און יום כפור מיט זייערע מתיקות'דיג־טרויערי־גע ניגונים; דאס שופר בלאזען; כל נדרי, כורעים פאלען און נעילה; סוכות מיט זייַ סוכה און בענטשען לולב־אתרוג און ארומגייען מיט זיי ארום דער בימה; שמחת תורה'דיגע הקפות; חנוכה און פורים מיט זייערע מנהגים; די פייער־ליכקייט פון א ברית מילה; דער פרייליכער גערודער פון א בר מצוה — דאס זיינען אלץ מאמענטען וואס נעמען אוועק דעם מענשען פון זיין וואכעדיגקייט און פארשאפען איהם א גייסטיגען גענוס. און דאס איז דאך די הויפט פונקציע פון קונסט אין איהרע פארשידענע צווייגען.

עס איז אבער דאָ איין גרויסער אונטערשייד צווישען רע־ליגיעזער „קונסט" און וועלטליכער. אין דער וועלטליכער קונסט מישט זיך דאָס רוב אריין דער מאָמענט פון וואולגארי־טעט און געשלעכט־רייצונגען. באזונדערס די „קונסט" מיט וועלכער מ'שפייזט די גרויסע מאסן. די רעליגיעזע קונסט איז כולה רוחניות. פון א וועלטליך־גשמיות'דיגען שטאַנדפונקט איז דאָס אפשר א חסרון. עס מוז דאך אבער אנערקענט ווערן ביי די וואָס זוכען אויך רוחניות אין לעבען, אז עס איז דא א זכות הקיום פאר דעם סארט קונסט וואס אפעלירט בלויז צו

דאס לויטער גייסטיגע אינ׳ם מענשען. אפילו אין דער סעקולערער קונסט האבען מיר פארשידענע מינים: דאס וואס איז דורכאויס וואולגאר און געשמאקלאז; דאס וואס איז פון א העכערער מדרגה, און מיר האבען קונסט וואס איז פול־שטענדיג ריין פון שונד און פּאָרנאָגראַפיע. דאָס לעצטע ערשט שאפט א טיף־עסטעטישען און עמאָציאָנעלען גענוס.

איהר הערט א פארטראג פון א באגאבטען לעקטאר־ארא־טאָר. ניט נאָר לערנט איהר פון איהם. ניט נאר ווערט אייער געדאנק געשפייזט. איהר ווערט אויך עמאציאנעל גערירט. איהר געניסט. און אויב דער אראטאר איז אויסערגעוויינליך באגאבט און מיט זיין ריידען פאדערט ער פון אייך א געוויסע האנדלונג, זיינט איהר מוכן ומזומן איהם פאלגען, אויב ער שאפט ביי אייך די נויטיגע שטימונג.

דאס זעלבע ווען איהר לייענט א שטיק שיינע ליטעראטור פון א גרויסען קינסטלער. א שטייגער וועגען מענשליכע־יסורים, וועגען מענשליכער גבורה און געוואגטקייט, וועגען קאמף געגען די בייזע נאטור־כחות, וועגען קאמף געגען מענשליכער רשעות, און אפילו וועגען פארצערענדער ליבע וואס איז ריין פון דאס בלויז מגושם׳דיג־רייצענדע — אין דעם אלץ ווערט איהר עמאציאנאל אויפגערודערט און אייערע עמאציעס זיינען פון די שענסטע און דערהאבענסטע, פון דעם „חלק אלוה ממעל״ וואָס לעבט אין אייך. אָט דעם סאָרט גענוס, און נאך פון א העכערען סארט גיט אייך רעליגיע אין געוויסע מאָמענטען. גיט אייך — אויב איהר זייט מסוגל „צונעמען״, אויב איהר באזיצט דעם גייסטיגען פרצוף־פנים פאר דעם און דערצויגען דערצו.

געוויס. דורכשניטליך־רעליגיעזע מענשען זיינען ניט מוכשר געריררט צו ווערען פון א „האזינו השמים", א „ברכי נפשי", א „מן המצר", א „ד' רועי לא אחסר". עס איז ביי זיי ניט מער ווי א „זאגאכץ". אבער אויך די סארט מענשען ווערען בשמה'דיג דערהויבען אין דער ערשטער סליחות־נאכט, אין די תקיעת־שופר מאמענטען, ביי כל־נדרי (אויב דאס ווערט ניט פארשוועכט דורך אן „אפיל", ווי דאָס איז דער מנהג אין אמעריקא), און ביי די „שלשה עשרה מדות" פון נעילה.

רעליגיעזע קונסט האט נאך א מעלה, וואס פעהלט אין דער וועלטליכער. פון וועלטליכער קונסט זיינט איהר אינער־ליך געריררט, אבער אויסערליך בלייבט איהר פאסיוו. איהר קאנט אויסדריקען אייער איינדרוק מיט א „ביס", אן אפּלאָוז און געענדיגט. לייענענדיג ליטעראטור, למשל, בלייבט איהר אין גאנצער פאסיוו, אויב מיר זאָלען ניט רעכענען די אקטיווי־טעט וועלכע איינדרוקספולע ליטעראטור רופט ביי אייך ארויס ביי פאסיגע שפעטערדיגע געלעגענהייטען. מיט רעליגיעזער קונסט איז גאר אנדערש. זי איז בטבע אקטיוויזירענד אין דעם עצם מאמענט וואס איהר געניסט פון איהר. חסידים, למשל, ווען זיי פאלען אריין אין א רעליגיעזער שטימונג, זינגען, טאנצען, „פארגייען זיך", פאר'דבק'ען זיך. דאס הייסט, זייער עמאציאנעלע צורודערונג קומט מאמענטאן צום פּולס־טען אויסדרוק. עס זיינען אויך דאָ שטילע פאזען פון רעלי־גיעזער איבערלעבונג, ווי אין די „ניגונים אהן ווערטער", אין דעם מורמלען פון א „ממעמקים קראתיך", און אויך ווען דער ישיבה־בחור ברומט אונטער דעם „תנו רבנן", דעם „מאי

קא משמע לן״. אבער אויך אין די דאזיגע מאמענטען איז דער מענש אקטיוו.

און ווען עס רעדט זיך וועגען דעם שיינקייט־מאמענט אין קונסט, זאל דא דערמאנט ווערען, אז דער רעליגיעזער איד האט געזוכט צו באפרידיגען זיין חוש פאר שיינקייט דורך אין דער אידישער רעליגיע. „זה אלי ואנוהו״ — טייטשט די גמרא: „באשיין״ איהם. באזארג זיך מיט א שיינעם טלית, בוי זיך א שיינע סוכה, קויף זיך א „מהודר׳דיגען״ אתרוג, א. ז. וו.

דאס מיינט ניט, אז דער איד האט זיך באנוגענט מיט שיינקייט פון א בלויז רעליגיעזען כאראקטער. אויך „יפיפותו של יפת״—די וועלטליכע שיינקייט איזביים אידען א גאנץ חשוב׳ער ענין. רבי עקיבא האט איינמאל דערזעהן א שיינע „מטרוניתא״ (א פרוי פון די רוימישע פאטריציער) און זיך צעוויינט, ביים געדאנק אז „האי שופרא בלי בעפרא״ — אזא שיינהייט וועט אמאל פוילען אין קבר. רבי יוחנן, א פירענדער גייסט אינם ערשטן דור פון די אמוראים, ווערט מיט א באזונדער געטרייאיגקייט געשילדערט אלס א בילד־שיינע פערזענליכקייט. און איינער פון די תנאים פלעגט אריינפאלען אין גרויס התפעלות, ווען איהם פלעגט אויסקומען צו ריידען וועגען די גריכיש־רוימישע דערגרייכונגען אויפ׳ן געביט פון קונסט און קערפערליכען געניוס.

וואס איז שייך ליטעראַרישער קינסטלעריקייט און שיינקייט פון פאָרם — קאן דאך דער תנ״ך, דער רעליגיעזעסטער ספר אין דער וועלט, ניט אראפפאלען לגבי די שענסטע וועלטליכע ליטעראַרישע שאפונגען. די מעשיות פון יוסף

און די ברידער; פון דעם עגל און מרגלים; פון שאול און דוד; פון אליהו און איזבל; רות, שיר השירים, מגילת אסתר און די נביאישע שאפונגען — זיינען גענוג אונז צו איבער־צייגען, אז די אידישע רעליגיע פארמאגט ניט נאר אן עטישען תוך, נאך אויך די שענסטע קונסט־פארמען.

די אידישע רעליגיע איז געגען קונסט ווען זי איז בלויז קערפערליך, באזונדערס ווען זי רייצט די תאוה. זי איז אויך געגען קונסט ווען זי ווערט א עיקר, ווען זי פרעטענדירט צו פארנעמען דעם פלאץ פון תוך אין אידישקייט. זי וועט אבער שטענדיג הויזען מיט קונסט אלס א טפל צום עיקר.

אז די רעליגיעזע אידישקייט, מיט א געוויסער צופא־סונג צו דער צייט און אומשטענדען, איז ביכולת צו גייסטיגען און דערהויבען און דערפרישען די אידישע פאלקס מאסען אי עטיש אי עסטעטיש — קאן ניט זיין קיין ברעקעל ספק ביי דעם, וואס איז באקאנט מיט דער איצטיגער אידישערווירק־ליכקייט. ווייל פוסט און וויסט איז געווארען די נשמה פון דעם וועלטליכען אידען, הן פון דעם פשוט׳ן פאלקס־אידען, הן פון דעם „באוואוסטזיניגען" אידען. א געוויסער לעבענס־אינהאלט איז פארבליבען בלויז ביי די אידעאלאגען פון דער וועלטליכער אידישקייט. דאָס איז — זאָרגען זיך פאר דער דאזיגער אידישקייט, קלאגען אין דער שטיל אויף איהר צרה׳־דיגען מצב און עפענטליך טומלען וועגען איהר דורך קאנ־פערענצען און „וועלט קאָנגרעסען". א שטיקעל אינהאַלט איז נאָך דא ביי די טרעגער פון דער וועלטליכער אידישקייט —

שרייבער, מוזיקער, מאָלער. די מאסען אבער — ניט זיי פיהלען די נויטיגקייט אין „קולטור", ניט זיי האבען הנאה פון איהר.

און אומזיסט ווערען געגרינדעט מוזעאום'ס, ארכיוועז, „ווילנער אינסטיטוטס", און נוצלאז און צוועקלאז איז די גאנצע וויסענשאפטליכע פארשונג פון אידישען אלטערטום, די נייע „חכמת ישראל". דער אידישער פאלקס־מענש קאן ניט זעטיגן זיין נשמה מיט באקוקען שופרות און הבדלה־ליכט, הדס'לאך און קידוש־בעכער, פרוכת'ן און „עץ חיים'ס", חנוכה־דריידלאך און פורים־גרייגערס. ער קאן אויך ניט שטילען זיין אידיש־מענשליכען דארשט פון הערען „וויסענשאפטליכע" לעקציעס וועגען דעם אורשפרונג און אנטוויקלונג פון ראש השנה און יום כפור, שבועות און סוכות א. ז. וו.

און קאנען קאן ער אויך ניט פארברייינגען זיין פרייע צייט אין לייענען מענדעלען און פרצ'ען און שלום עליכם'ען, אַ פשיטא שוין — אין לייענען פעפערען און חאריקען און מארקישען און — ווי זיי הייסען דארט.

אנשטאט דעם וועט דער „באוואוסטזיניגער" מאסען־איד פארברייינגען מיט „חברה" ביי א טעשעל קאַרטען, ביי א גלעזעל ביר און דערביי זיך „פרעגלען פון נחת" פון געוויסע ווערטלאך און מעשה'לאך. און ווען עס וועט קומען זיין שבת אדער יום טוב, דאס הייסט זונטאג, וועט ער אין די מארגען־שטונדען ארומפיהרען אין גאס דעם „בייבי־קערידזש", און דערביי זיך פיהלען אזוי טעמפּ און לאַנגווייליג און צובראָכען פון דעם פארברייינגען די פריהערדיגע נאכט מיט חברה, אז דער „יום טוב" גייט איהם ניט איין. און דאָס איינציגע

וואָס מיר קענען פיהלען צום דאָזיגען אידען איז נאָר א טיפע מיטלייד.

עס איז געווען א צייט פון דערהויבונג און גייסטיגונג. די צייט, ווען מען האט התלהבות'דיג געפייערט דעם ערשטען מאי, ווען מען האט געמאכט דעמאנסטראציעס און קאנצער־טען לכבוד דער קומענדער רוסישער רעוואָלוציע. יענע צייט איז אוועק. ווייל די רוסישע רעוואָלוציע איז שוין געקומען און זי האט דאס דערהארגעט דעם אמאליגען גייסט ביי די גרויסע אידיש־ראדיקאלע פאלקס־מאסען.

און אויב מען מיינט אז דער אידישער וועלטליכער נאציאנאליזם וועט אריינברייגגען יום טוב אין דער אידישער הויז און אין דער אידישער נשמה — מאכט מען ווידער א טעות. אויף א ווײַלע — יא. אבער ניט אויף שטענדיג. דער אידישער פאלקס־מענש וואס לעכצט נאך יום־טוב'דיגקייט און גייסטיגקייט פאר זיך און זיינע קינדער וועט דאס ניט געפינען אין קיין פארמע פון דער וועלטליכער אידישקייט. אפילו ניט אין איהר שענסטער פארמע ביי דער איצטיגער צייט — דער חלוציזם. ער וועט דאס ניט געפינען, ווייל אויך דאס לעצטע איז ניט מער ווי א צייטווייליגע זאך... עס איז א סך צו ריידען וועגען דעם. מיר ווילען אבער דאס פאר־שווייגען אינם איצטיגען מאמענט, ווען ארץ ישראל געפינט זיך אין איהר איצטיגען צושטאנד.

און עס זיצען וועלטליכע אידען און קנייטשען די שטע־רענס: ווי שאפט מען יום טוב אין דער ראדיקאלער אידישער גאס? און וועלטליכע אידישע שרייבער שרייבען ארטיקלען וועגען שאַפען אידיש־ראדיקאלע „קהלות" און אויסארבייטען

פאר זיי א לעבענסשטייגער. ארויסגעוואָרפענע ארבייט. ווייל מען שאפט ניט קיין יום טוב און קיין לעבענסשטייגער אויף א געקינסטעלטען־מעכאנישען אופן. מ׳קאן נעמען דעם אלטען אידישען יום טוב און איהם אויסערליך מאדיפיצירען, דא און דארט מאכען ענדערונגען, אבער דערביי איז נויטיג אי־בערלאזען אין איהם זיין אינערליכען תוך. נעמט איהר אבער אוועק פון איהם זיין קדושה, זיין רעליגיעזען אינהאלט, אזוי שאפט איהר לכתחלה א טויטע זאך.

דער אידישער יום טוב, ענטוועדער ער וועט זיין פאר־וואָרצעלט אין דער טויזענטער־יעהריגער טראדיציע, אין דער שול, אין דער ספר תורה, אין תפלות און זמירות — אדער ער וועט גאָר ניט זיין. און אפילו דער „עונג שבת", וואָס ביאליק עליו השלום האָט איינגעפיהרט אין ארץ ישראל און איז אויך אריין „אין דער מאָדע" אין די גלות לענדער — אפילו ער וועט זיך באפעסטיגען און פארבלייבען, ווען ער וועט האָבען אין זיך פון דעם טראדיציאָנעלען שבת.

געמיינט האָט די וועלטליכע אידישקייט, אז ווען זי וועט באפרייען דעם אידישען מענשען פון דאָס מיסטישע און הימ־לישע, וועט זי אי דערהויבען זיין גייסט, אי פארמערען זיינע ערדישע הנאות און פארגעניגענס. אויף א צייט איז דאָס איהר געלונגען. אָבער טאַקע ניט מער ווי אויף א צייט. איצט קאָן יעדער וואָס האָט אן אויג אין קאָפּ זעהן, אז דער אידישער מענש איז ניט געגייסטיגט געוואָרען דורך דער וועלטליכער אידישקייט און אז אויך די מעגליכקייטען פאר מער ערדישע הנאות זיינען דורך איהר ניט פארמערט געוואָרען.

דער אידישער פאָלקס־מענש. מען האָט ביי איהם אוועק־

גערויבט דעם לעבען נאָכ׳ן טויט. אנשטאט דעם האָט מען איהם געגעבען א זינלאָז לעבען, א תכלית׳לאָז לעבען. און עס איז געבליבען אייך רעטונג פאר איהם: קאָרטען און נבול־פה.

עס בענקט און נאָגט די נשמה. מיינט מען, אז מען קאָן דאָס זעטיגען דורך „סטאַנציעס פון קולטור און קאָמפאָרט" וואו מען באווייזט ווי מייזלאך־„צעלען" פארמירען זיך און ווערים פלאָדיען זיך...

געוויס זיינען קולטור און וויסענשאַפט גוט און פיין. במה דברים אמורים? ווען נאַטור און לעבען ווערען דערקלערט און באלויכטען געטליך־מיסטיש. ווען עס ווערט ארויסגע־בראכט דער געדאַנק, דער מוטיגענדער און וואַרעמענדער, אז עס איז דאָ א סדר און א כוונה און א פלאַן אין דער וועלט, כאָטש זיי זיינען פון אונז פארבאָרגען. אויב אבער דער דאָזי־גער געדאַנק ווערט פארוואָרפען — אזוי ווערט אלץ מיאוס און זינלאָז, אזוי דריקט אויף׳ן מוח און וויטאָגט דאָס האַרץ די מוראדיגע פראגע: צו וואָס און צו ווען?

מען גיט אייך ענטפערס אויף דער דאזיגער מורא׳דיגער פראגע: דער אייביגער, סטיכישער, ווילדער דראנג נאָך רע־פּראָדוקציע, קאַמף פאר עקזיסטענץ, קאַמף און בלוט, קאמף און בלוט. אזוי איז דאָס צווישען חיות און בהמות, אזוי איז דאָס אין דער מענשליכער געשיכטע. צווישען מענש און מענש, קלאַס און קלאַס, פאָלק און פאָלק . . .

און די וואָס לערנען די דאָזיגע תורה האבען נאָך די העזה צו רעדען וועגען קולטור און קונסט און שיינקייט און זיניגקייט און געָנוס אין לעבען.

עס איז פארבליבען נאָך איין שטאַנדפונקט, פון וועלכען די תורה־רעליגיע אידישקייט דאַרף באַטראַכט ווערען. דאָס איז דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער. דער דאָזיגער שטאַנדפונקט ווערט ביי דער איצטיגער צייט פאַררעכענט אלס דער חשוב׳־סטער אין דער פאָרשונג פונ׳ם מענשליכען לעבען. ער וועט דעריבער באהאנדעלט ווערען מיט א באזונדער גענויאיגקייט.

אויך בנוגע צו דעם פונקט, אזוי ווי בנוגע צו עטיק, האָ־בען מיר דעם הסכם פון כמעט אלע וועלטליכע אידען, אז די אידישע רעליגיע צייכענט זיך באזונדערס אויס. זי איז הן אין איהר פילאָזאָפיע, הן אין איהר געזעצגעבונג טיף פאראינטע־רעסירט אין א יושר וצדק׳דיגען סאָציאל־עקאָנאָמישען לע־בען.

ניט נאר איז די אידישע נבואה דורכגעדרונגען מיט דער ליידענשאפטליכער תשוקה פאר א יושר־און־אמת לעבען — נאר אויך דער תלמוד. סיי אין זיין אגדה, סיי אין זיין הלכה שאַפונגען, איז דער תלמוד הויפטזעכליך באשעפטיגט מיט די ענינים פון מענש צו מענש („בין אדם לחברו״).

דער תלמוד באשטייט פון זעקס (6) סדרים משניות (ש״ס — ששה סדרים), פון וועלכע פיר (4) סדרים זיינען גמרא. פון די דאָזיגע פיר סדרים הייסען צוויי „נזיקין״ און „נשים״, וואָס זיינען אין גאַנצען אוועקגעגעבען פאר סאָציא־לער געזעצגעבונג. אבער אויך דער ערשטער „סדר״, וואָס הייסט „זרעים״, אנטהאַלט אין א גרויסען טייל פון זיינע משנות א סאָציאלען אינהאַלט. דאָס זיינען די משנות וואָס באַהאַנד־

לען די דינים פון לקט און שכחה און פאה און שמיטה. עס קאָן דערלויבט ווערען צו זאָגען, אז אפילו די דינים פון תרומות און מעשרות וואָס האָבען צו טאָן מיט די כהנים און לוויים זיינען אויך פון א סאָציאלען אינהאַלט. און עס קאָן דאָ צוגע־געבען ווערען, אז אפילו די משנות און גמרות וואָס זיינען לויט דעם סדר און נאָמען „בין אדם למקום׳דיגע״ — דינים, וואָס האָבען צו טאָן מיט די שייכות׳ן צווישען מענש און גאָט, אפילו זיי זיינען פול מיט אגדות און הלכות פון א „בין אדם לחברו׳דיגען״ כאַראַקטער, ווייל, ווי באוואוסט, איז דער תלמוד נישט שטרענג „וויסענשאַפטליך״ און אויסגע־האַלטען אין זיין צוזאַמענשטעל.

עס איז א פראַגע, צי די תלמודישע און רבנישע דינים פון דעם סאָציאַלען כאַראַקטער קענען זיין אין איינקלאַנג מיט די באגריפען און פאָדערונגען פון דעם מאָדערנעם מענשען. דאָס דאַרף זיין א ענין פאר ספּעציעלע פאָרשער צו שטודירען. און אזא פאָרשונג גייט שוין אָן. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. דער תלמוד אליין אנערקענט, אז געזעצען פון דעם כאַראַק־טער דאַרפען זיך צופּאַסען צו צייט און אומשטענדען. וויכטיג איז, אז די רעליגיע אידישקייט איז געווען בלב ונפש פאר־אינטערעסירט אין א יושר׳דיגען סאָציאַלען לעבען. וויכטיג איז אויך דער פאקט, אז איהר אינטערעס אין דעם ענין איז געווען שטאַרקער ווי אין די ענינים פון „בין אדם למקום״. עס איז דאָ גענוג צו דערמאָנען דעם באוואוסטען אויסדרוק „עברות שבין אדם למקום יום הכפורים מכפר. עברות שבין אדם לחברו אין יום הכפורים מכפר״.

מיר האָבען אפילו וועלטליכע אידען וואָס באַצייכענען

דעם סאָציאַלען תוכן פון דער אידישער רעליגיע אלס סאָ־ציאַליזם. דאָס איז גראדע ניט ריכטיג. אידישקייט איז ניט סאָציאַליזם צוליב דעם פשוט'ן טעם, וואָס זי אנערקענט פריוואַט אייגענטום. עס איז טאַקע דאָ א פסוק „כי לי כל הארץ", און דער פסוק קאָן דינען אלס א ראיה, אז אידישקייט אידענטיפיצירט זיך מיט סאָציאַליזם. ס'איז אבער ניט אזוי. דער דאָזיגער פסוק איז געזאָגט געוואָרען אין פארבינדונג מיט'ן יובל־געזעץ. איז געצילט געגען דער אָנזאַמלונג און קאָנצענטראציע פון באָדען אין איינצעלנע הענד. ער איז אבער ניט געגען עצם פרינציפ פון פריוואַט אייגענטום. פאַרקערט. דער יובל־געזעץ סאַנקציאָנירט און באַשיצט פריוואט אייגענטום. ער וויל, אז יעדער יחיד זאָל באַזיצען זיין נחלה. ניט איינער זאָל האָבען צופיל און דער אנדערער — גאָר ניט.

בלויז אין א געוויסער תקופה אין דער אידישער געשיכטע האָט זיך אויסגעבילדעט א אידישע סעקטע וואָס האָט איינגעפיהרט צווישען איהרע מיטגלידער סאָציאליזם, ריכטיגער־קאָמוניזם. טאַקע אמת'ער קאָמוניזם, ניט קיין סאָוועטישער. דאָס זיינען געוועזן די איסעער. די איסעער זיינען, אמת, געוועזן זעהר געאַכטעט ביים פאָלק (דאָס אליין לערענט אונז עפּעס). זיי זיינען געוועזן באַצייכענט אלס „חסידים הראשונים", „ותיקין", „טובלי שחרית", „בעלי־מופת" (פּונקט ווי די חסידישע רביים אין אונזערע דורות). זיי האָבען אָבער געהאַט זעהר א קליינעם איינפלוס אויף דער געזעצענגעבונג און לעבענסשטייגער פון דעם פאָלק. די אמת'ע פיהרער פונ'ם פאָלק זיינען געוועזן די „פּרושים", און זייער געזעצענגעבונג איז געוועזן באַזירט אויף דער אַנערקענונג פון פריוואַט־אייגענטום.

מיט דעם אבער וואָס די תורה אידישקייט איז ניט סאָ־ציאַליזם, ווערט כלל ניט געמינדערט פון איהר סאָציאלער ווערט און ווירדיגקייט. א רעליגיע, אדער א סאָציאלער אידע־אַל דאַרף ניט אָפּגעשאַצט ווערען לויט די אדער יענע פּראַק־טישע פלענער וואָס ווערען רעקאָמענדירט פון זיי אין א גע־וויסער געשיכטליכער תקופה, נאָר לויט די אינערליכע מאָ־טיווען וואָס ברייגנען די פלענער ארויס; לויט דער נשמה׳־דיגער צורודערטקייט פון די פאַרשטייער פון דער רעליגיע אדער אידעאַל.

ליבע צום מענשען, אַכטונג צו איהם, רחמנות אויף איהם — דאָס זיינען די אייביגע געבענשטע קוואַלען פון וועלכע עס שטראָמען ארויס די וואונשען און פלענער צו שאפען א שיינעם, גליקליכען לעבען פאר׳ן יחיד און געזעלשאפט. און אָט די דאזיגע „מעינות הישועה״ האָבען אָנגעפילט אונזער תורה, אונזערע נביאים, אונזערע תנאים און אמוראים. זיי, די דאזיגע קוואלען, האָבען דאָס אזוי אומאויפהערליך באַאומ־רוהיגט די אידישע גדולי־הרות און זיי באוועגט אוועקצושטע־לען דאָס אידישע לעבען אויף די יסודות פון יושר און צדק און אמת.

נאר אויב מיר ווילען שוין יאָ באַצייכענען די גרויסע אי־דישע רעליגיעזע גייסטער אלס סאָציאליסטען — לאָמיר צו דעם וואָרט צוגעבען דאָס וואָרט „אוטאָפּיסטען״. אָט די סאָ־ציאַליסטען וואָס זיינען געוואָרען ללעג ולקלס ביי די „ווי־סענשאַפטליכע״, מ׳שטיינס געזאָגט, סאָציאליסטען — ביי די מאַרקסיסטען.

איך באנוץ זיך דאָ מיט „גענזענפיסלאך״ און מיט

„מ׳שטיינס געזאָגט״, ווייל איך נעם זיך דאָ די העזה, דרך אגב׳דיג גערעדט, צו דענקען, אז בנוגע דעם סאציאל־פאָלי־טישען־עקאָנאָמישען לעבען איז נאָך דערווייל ניטאָ קיין ווי־סענשאַפט; אז דער וואָס האַלט, אז מ׳קאן מאַכען וויסענשאפט־ליכע הנחות און קומען צו וויסענשאַפטליכע שלוסען בנוגע צו דעם ענין ווי, למשל, בנוגע צו פיזיקע, כעמיע, ביאלאגיע, א. ז. וו. — אז דער וואָס האַלט אזוי האָט אַ פאַלשען באַגריף ווע־גען דעם אמת׳ען טייטש פון „וויסענשאַפט״, און האָט, דערצו, א זעהר אָרימע פאַרשטענדעניש פאר דער מורא׳דיגער קאָמ־פליצירטקייט פון דער בריאה וואָס רופט זיך „מענש״ אלס יחיד און אין זיין סאָציאלען לעבען.

די לעצטע צוואנציג, פינף־און־צוואנציג יאָהר האָבען גע־מאַכט אן איבערקערעניש אפילו אין די אָנגענומענע אמת׳ן פון ריינע נאַטור־וויסענשאַפטען, וואו עס הערשט, ווי ווייט אונזער שכל באגרייפט, א געוויסע געזעצליכקייט און אן ענגע פארבינדונג פון סבה־רעזולטאַט. באזונדערס אָבער האָבען אונז די דאָזיגע יאָהרען געעפענט די אויגען צו זעהן די סאָ־ציאַליסטישע „וויסענשאפט״.

דער פולשטענדיגער באנקראָט פון דער דייטשער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע, די „קלאַסישע״, די מוסטערהאפטע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע, ביים ערשטען צוזאַמענשטויס מיט דעם דייטשן פאַטריאָטיזם, ווען עס האָט אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה; דער פארפעסטיגטער קאַפּיטאַליזם אין די מאַקסימאל־קאַפּיטאליסטישע לענדער וועלכע האָבען, לויט׳ן מאַרקסיזם, געדארפט זיין די ערשטע, וואו עס זאָל פארקומען די סאָציאַ־לע רעוואָלוציע; דער איינפיהר פון קאָמוניזם, אדער די

אתחלתא דקאמוניזם, דוקא אין דער קאפיטאליסטיש־אָפּגע־שטאַנענער רוסלאנד; דער פאשיזם אין איטאַליע און דער היטלעריזם אין דייטשלאנד; דער ווילדער, שגעונ׳דיגער, פערזענליכער גראַנגעל פון סטאלין־טראָצקי, וואָס האָט לח־לוטין ניט קיין שייכות מיט דעם „סטיכישען פראָצעס״, וואָס ווערט דערהויבען צו א גאָטהייט־מדרגה אין דער מאַרקסיס־טישער תורה — דאָס זיינען א פּאָר בולט׳ע פאַקטען, וואָס לערנען אונז, אז די מענשליכע געשיכטע מאכט עפר ואפר פון „וויסענשאפטליכע״ טעאָריען אויפ׳ן געביט פון סאציאל־עקאָנאָמישען לעבען.

אזוי קוקט אויס די מאַרקסיסטישע טעאריע זעהר שכל׳־דיג און גלאַטיג און אמת׳דיג: מאשינערייִ פארניכטעט הויז מלאכות און בעלי מלאכות; די אינדוסטריע ווערט קאַפּיטא־ליזירט; קאַפּיטאל האַלט זיך אין איין קאָנצענטרירען; די גרוי־סע פאָלקס־מאַסען ווערען אלץ מער פּראָלעטאריזירט; עס ווע־רען געשאפען צוויי גענענזעצליכע פיינדליכע קלאַסען; עס אנטוויקעלט זיך א קלאַסען־קאַמף; דער קלאַסען־קאַמף ווערט אלץ שאַרפער און ביטערער ביז — עס ברעכט אויס די סאָ־ציאַלע רעוואָלוציע און — משיח קומט.

דאָס איז א גאַנץ שיינע דראַמע, וואָס אנטוויקעלט זיך און דערגרייכט איהר קלימאַקס לויט אן אינערליכער אייזערנער לאָגיק און לויט די מאַכינאַציעס פון א מורא׳דיגען כל־יכול׳־דיגען פארבאָרגענעם כח וואָס הייסט „סטיכישער פּראָצעס״. מאכט זיך אָבער, אז אין דעם גאנג פון דער דראמע טשעפּען

זיך צו א פּאָר זייטיגע, ניט פאראויסגעזעהענע „קליינינקייטען״ וואָס דערהאַרגענען די גאַנצע לאָגיק און „נאַטירליכקייטען״ פון דער דראַמע.

„די פאָלקס מאסען פּראָלעטאַריזירען זיך״. אמת. אבער דורך דעם ווערען זיי כלל ניט ארימער פון די אַמאָליגע בעלי־מלאכות אָדער פּראָלעטאַריער. געוויס ניט אָרימער פון די פּראָלעטאַריער אין ענגלאנד, ווען מאַרקס האָט געשריבען זיין „קאַפּיטאַל״. פאַרקערט. אין אמעריקא, למשל, (און אויך אין אַנדערע לענדער) האַלט דער לעבענס־סטאַנדאַרד פון׳ם אַר־בייטער אין איין שטייגען און ער געניסט אַלץ מער פון דעם וואָס ער שאַפט. אוודאי וואַקסען אַלץ מער דעם ארבייטערס אַפּעטיטען און פאַרלאַנגען. דאָס פיהרט איהם אבער ניט, נויטיגערווייזע, צו ווערען קלאַסען־באוואוסט און קאַמפּס־לוסטיג, נאָר ער זוכט צו באפרידיגען זיינע אַלץ וואַקסענדע באַדערפעניסען דורך יוניאָניסטישע מיטלען און רעפאָרמיס־טישער געזעצגעבונג. דערצו איז גוט צו געדיינקען אז קאַ־פּיטאַל אליין איז פאראינטערעסירט, אז דער ארבייטער זאָל לעבען וואָס באַקוועמער, כדי ער זאָל אַלץ מער באַזיצען די קויף־קראַפט.

„עס ווערען געשאפען צוויי פיינדליכע קלאַסען״. יאָ. עס איז אָבער אויך אין דער זעלבער צייט געשאַפען געוואָרען א דריטער קלאַס, און זעהר א מעכטיגער סיי אין צאָל, סיי אין איינפלוס. דאָס איז דער מיטעל און קליינבירגער קלאַס. און דער קלאַס איז אויך קלאַסענבאַוואוסטזיניג, און אין געוויסע מאָמענטען איז ער אפילו קאַמפּסלוסטיג, אפשר נאָך מער ווי דער אַרבייטער קלאַס און אין אַזעלכע מאָמענטען דערלאָזט

ער ניט בשום אופן מ׳זאָל איהם אַרויסשלאָגען פון זיינע פּאָזיציעס.

„דער פּראָלעטאריאַט וועט רעוואָלוציאָנעריש". אמת. אבער אין איין שיינעם אדער ניט שיינעם פרימאָרגען, וועט די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערישקייט פארוואנדעלט אין א פייער־דיגען פּאַטריאָטיזם און א סוף, אָן עק צו סאָציאַליזם און אינ־טערנאַציאָנאַליזם און פּאַציפיזם, אָט די „איזמען" אויף וועל־כע מ׳דערציהט דעם פּראָלעטאריאַט יאָהר איין — יאהר אויס. בעסער געזאָגט — ווי מען האָט איהם דערצויגען אין „יענע גוטע יאָהרען".

און אַמאָל גאָר וועט דער פּראָלעטאריאַט אויסגענוצט פון א מוסאָליני אדער היטלער און אנשטאט רויט וועט ער שוואַרץ אדער ברוין. ער וועט רעוואָלוציאָנעריש־„אידעאַ־ליסטיש" — אבער אויף דער צווייטער זייט. און דעמאָלט אנטשטייט ניט נאר א קאמף צווישען קלאַס און קלאַס נאָר צווישען פאָלק און פאָלק. דאָס הייסט, פאַשיזם אדער היטלע־ריזם ווערט גאר א „אידעאל"־באוועגונג פון אן אינטערנאציאָ־נאלען כאַראַקטער. און קיינער קען דאָך ניט לייקענען אז אין פאַשיזם אדער אפילו אין דעם היטלעריזם איז אויך דא עפּעס פון דעם וואָס מ׳רופט „אידעאל".

„דער קלאַסען קאַמף פיהרט צו דער סאָציאלער רעוואָ־לוציע". לאו דוקא. ער קאָן אויך פיהרען צו א פולשטענדיגען חורבן פון א פאָלק, אָט ווי עס קומט פאר אין שפּאַניע, אדער צו א וועלט מלחמה, נאָך וועלכער די מענשליכע ציוויליזאציע וועט שוין קיין תחית המתים ניט אויפשטיין.

איז דער „וויסענשאַפטליכער סאָציאליזם" געווען ביכולת

פאַרויסצוזעהן אַט די „קלייניגקייטען” וואָס זיינען פאָרגעקור־
מען פאר די לעצטע צוואנציג, פינף און צוואנציג יאָהר? און
קאָן ער פאראויסזעהן, זאָל זיין אין די אַלגעמיינסטע שטריכען,
דאָס וואָס וועט פארקומען אין די קומענדע צען, פופצען, א.ז.וו.
יאָהרען? — ניין. אויב אזוי איז זיין וויסענשאפטליכקייט א
שקר־מוסכם, א וואָרט וואָס איז ביי אלעמען אויף די ליפען,
און איז אליין פוסט און וויסט.

עס איז מער ניט נויטיג פאר מיר זיך אריינצולאָזען אין
ווייטערדיגע חקירות וועגען דעם סאָציאליזם, וואָס האָט א
קליינע דירעקטע שייכות מיט דעם וואָס ווערט דאָ באהאנ־
דעלט. איך קער זיך אום, דאריבער, צום ענין.

ווי געזאָגט, איז אידישקייט ניט סאָציאליזם. עס פאַסט
אָבער צו איהר דאָס וואָרט „אוטאָפישער סאָציאליזם”, אויף
וויפיל זי שטרעבט צו שאַפען א געזעלשאפט באזירט אויף
צדק און אמת. דאָס איז אָבער ניט איהר איינציגע אייגענ־
שאַפט, ווען זי האָט צו טאָן מיט דער סאָציאַלער פּראָבלעם.
אידישקייט זעהט די זיכערקייט און סטאַביליטעט פון א שיי־
נער געזעלשאפט אין דער עטישקייט פונ'ם יחיד. דעם קוואל
פון געזעלשאפטליכע איבלען געפינט זי אין דעם „יצר הרע”,
אין רשעות, אין דער תאוה צו באהערשען און אונטערדריקען,
וואָס ווערט באגלייט פון מאַכט דאָס צו טאָן. ממילא זעהט
אידישקייט די גאולה פון דעם מענשען אין זיין אייגענער גע־
לייטערטקייט און גייסטיגונג.

דאָס מיינט ניט, אז אידישקייט אנערקענט ניט די מעכ־
טיגע ווירקונג פון דער סביבה און געזעלשאפט אויפ'ן יחיד.
דאָס מיינט אויך ניט אז זי האַלט, אז מען דארף פאַסיוו וואַר־

טען אויף א יושר׳דיגער געזעלשאפט, ביז עס וועלען איבער־געאַנדערשט ווערען איהרע יחידים. דאָס נישט. אידישקייט פאַרמאָגט אַ „פראָגראַם מינימום״, און אַ „פראָגראַם מאַקסי־מום״. איהר פראָגראַם מינימום באַשטייט פון א „שלחן ערוך״, א „חושן משפט״, וואָס שטיצט זיך אויפ׳ן פסוק פון „ובערת הרע מקרבך״ — באַשטראָף דעם זינדיגען יחיד און מאך מעג־ליך שוין איצט די עקזיסטענץ פון א נאָרמאַלען, געזונטען סאָציאלען לעבען. זי האָט אָבער אויך א „פראָגראַם מאַקסי־מום״. דאָס איז דער „אחרית הימים״ אידעאַל. דער אידעאַל פון א „לב בשר״ אנשטאט א „לב אבן״. דער אידעאל פון „ומלאה כל הארץ דעה״. קורץ, דער אידעאל, אז רשעות און טפשות, די צוויי גיפטיגע וואָרצלען וואָס פאַר׳סמ׳ען און פאַר־ווערימדיגען דאָס מענשליכע לעבען, וועלען פאַרשווינדען. דעמאָלט וועלען אפשר ניט נויטיג זיין קיין שלחן ערוך און קיין חושן משפט, קיינע דיני ממונות און קיינע דיני נפשות, אדער עס וועט זיין א מינימום נויטיגקייט אין דעם.

די גרינטליכע ענדערונג פון דער נשמה פון דעם יחיד — דאָס איז דער „אחרית הימים״־אידעאל פון דער רעליגיע־זער אידישקייט, און אין דעם באַשטייט דער תהום׳דיגער אונ־טערשייד צווישען איהר און דעם — קאָמוניזם.

דער קאָמוניזם, אַט ווי ער ווערט פראַקטיצירט אין סאָוועט רוסלאַנד, איז ניט עטיש. ער האָט אָנגענומען דעם יעזואיטישען כלל, אז „דער צוועק הייליגט די מיטלען״. ער פאַרשפּאָטעט און פאראַכטעט דעם עלעמענטאַר־ערליכען מענשליכען געפיהל וואָס ווערט אויפגעשווידערט פון זיינע מעשים תעתועים. ער באַצייכענט דעם דאָזיגען געפיהל אלס „בירגערליך־ליבעראלע צוקראַכענקייט און סענטימענטאַ־

ליזם״. ער איז גראָב און ברוטאַל. ער איז גראָבער און ברו־טאַלער פון דעם אַמאָליגען רוסישען פריסטאַוו, אדער אוראַד־ניק אין זייער באַנעהמונג מיט הילפלאָזע מענשען, מיט „בעז־פראַוונע״ אידען, אַ שטייגער, און דערפאַר פארדינט דער דאָ־זיגער קאָמוניזם געהאַסט צו ווערען מיט אלע פיבערען פון דער מענשליכער נשמה.

און דאָ רעדט זיך ניט בלויז וועגען דער איצטיגער הער־שענדער קליקע — סטאַלין און זיינע חברים, ריכטיגער — קנעכט. דאָ רעדט זיך וועגען דאָס כאַראַקטעריסטישע, וואָס איז געמיינשאַפטליך צו די פארשידענע קאָמוניסטישע גרופען. די איצטיגע מעשים תעתועים וואָלטען געטאָן ווערען פון טראָצקי און זינאָוויעוו, ווען זיי זאָלען זיצען אויפ׳ן פערדל. טראָצקי, אָט דער „צדיק״ וואָס איז מרעיש עולמות געגען סטאַלינ׳ס חטאים, וואָלט אפשר נאָך געווען פארברעכערישער און אכזריות׳דיגער פון סטאַלין. איז דאָך טראָצקי א טיפּ פון „רעטער און אויסלייזער פון דער מענשהייט״, ביי וועמען דער „איך״ איז דער תמצית און צענטער פון דער וועלט. איז ער דאָך א נאפאליאנישער מאניאַק. באַשטייט דאָך זיין מליצה׳־דיגער זשאַרגאָן הויפּטזעכליך פון פלאַקערדיגע פראזען ווי „אייביגע רעוואָלוציע״, „וועלט מלחמות״, „קאטאסטראָפאַלע געשעהענישען״, און איז אליין איין פערמאַנענטער ריזיגער טעאַטראַלישער זשעסט.

איך האָב דאָ ניט בדעה זיך אריינלאָזען אין דער סטאַלין־טראָצקי „לשם שמים מחלוקת״, אין דער מחלוקת בנוגע די מיטלען און וועגען „צו ברייגנען גליק דער מענשהייט״. גענוג איז צו אנערקענען, (און דער מענש וואָס האָט א ניכטערען קוק

און א געזונטען חוש וועט דאָס אנערקענען), אז דער קאָמו־ניזם, ווי ער איז איצט, איז די שאַרפסטע סתירה צו די יסודות פון מענשליכער עטיק. עס איז דא נאָר אן אונטער־שייד אין דער טיפקייט פון דער סתירה, ווען דער קאָמוניזם ווערט פראַקטיצירט פון דעם אדער יענעם פאָלק, אדער איז אונטער דער פירערשאפט פון דער אָדער יענער פערזענליכ־קייט.

אידישקייט איז דער היפוך פון קאמוניזם. דער אידישער פרינציפּ איז, אז אויב דער צוועק איז א הייליגער דארפען אויך די מיטלען, די מעטאדען זיין כשר און הייליג. אידיש־קייט זאגט „דו טארסט ניט נעמען קיין „חלה" און מאכען „המוציא", אויף א גע'גזל'ט שטיקעל ברויט". „דו טארסט ניט אריינברענגען קיין „אתנן זונה" אין בית המקדש".

אידישקייט גיט קיין פירוש ניט אויף דעם דאזיגען פרינציפּ. מ'דארף דאס ניט. דער געזונטער מענשליכער שכל איז דאס מחייב. ווארום אי לאגיק, אי דערפארונג לערנען אונז, אז ווי נאר איהר באנוצט זיך מיט טריפ'ענע מיטלען אזוי מאכט איהר טריף אייער ציל; ווי נאר דער פראצעס פון פארווירקליכען דעם אידעאל איז אן אומ־עטישער — אזוי ווערט דער אידעאל-רעזולטאט אומעטיש.

שוין צוואנציג יאָהר, אז דער קאָמוניזם צווינגט מיליא־נען-מיליאנען מענשען דורכגיין יאהר־איין, יאהר־אויס שבעה מדורי גיהנום אום זיי אריינצופירען אין דעם „גן עדן" וואס ער זאָגט צו; און בויען בויעט זיך דער קאמוניזם אויף בערג מיט הרוגים, אויף ימים בלוט, אויף הונגער און קעלט און שמוץ, אויף מגפות און קראנקהייטען; דער קאמוניזם פאר־

אורזאכט כל המינים פיזישע און גייסטיגע יסורים וואס איז ניט צו געפינען אין דער תוכחה; ער שטעלט זיך ניט אפ פאר קיינע שקרים און בלבולים, פאר קיינע אינקוויזיטארישע פייניגונגען פון זיינע אייגענע אנהענגער; דאס ווארט „ליק־ווידירונג" בנוגע צו מענשליכע לעבענס איז געווארען דאס געוויינליכסטע און פאפולערסטע ווארט אין דעם קאמוניסטי־שען לעקסיקאן. מיט אזא כאראקטער און אזעלכע האנד־לונגען צייגט אונז איבער דער קאמוניזם מיט טויזענט און איין ראיות, אז ער האט קיין אינטערעס ניט פאר'ן מענשען, פאר דעם בלוט־און־פלייש לעבעדיגען מענשען. און אויב אזוי, זיינען זיינע פארשטייער, ווער זיי זאלען ניט זיין, ניט ראוי און ניט מסוגל צושאפען א שענערען סדר העולם אפילו אין דער וויטסטער צוקונפט.

גליק ברייגנען דעם מענשען קענען נאר די אידעאלען־טרעגער וואס זיינען דורכגעדרונגען מיט ליבע צום מענשען, מיט דרך ארץ פאר איהם, מיט באוואונדערונג פאר זיין „בצלם־־אלהים'דיגקייט". גליק ברייגנען דעם מענשען קאן נאר אידישקייט, ביי וועמען דאס הייליגסטע און ווירדיגסטע איז די מענשליכע פערזענליכקייט, אידישקייט, וואס פראַ־קלאמירט „כל המקיים נפש אחת — כאלו קיים עולם מלא" און „כל המאבד נפש אחת — כאלו אבד עולם מלא". א „איזם" אבער, וואס איז מחלל די קדושה פונ'ם מענשען, וואס באנוצט זיך מיט איהם בלויז ווי מיט קראליקעס און מייז אין א לאַבאָראַטאָריע, וואס טרעט אויף איהם ווי אויף ווערים, וואס „ליקווידירט" זיין גוף רעכטס און לינקס, וואס שטיקט און קנעכטעט און פארגוואלדעוועט זיין נשמה אומ־

אויפערליך — אזא „איזם" איז א שקר מוחלט, א מיאוסקייט, א פארזעהעניש, א שוידער.

און מערקט אייך. די רעליגיע אידישקייט מוז זיין א שונא פון דעם קאמוניזם, ווי ער ווערט געלערענט און פראַקטיצירט, ניט נאר צוליב אידיש־נאציאָנאלע מאָטיוועז, ניט נאר צוליב דעם וואס דער קאמוניזם איז דער מלאך המות פונ'ם אידישען פאלק, פון זיין רעליגיע און קולטור. די רעליגיע אידישקייט האָסט דעם קאָמוניזם פון ריין־מענש־ליכע מאָטיוועז. זי שלידערט צוריק מיט אנטריסטונג און שוידער דעם „איזם" וואס פיהרט דעם מענשען דורך א זיכערען גיהנום צו א זעהר־זעהר צווייפעלהאפטען „גן עדן".

און נאָך. אידישקייט איז געגען דעם קאָמוניזם ניט נאר פאר זיין אומעטישקייט, פאר זיין רשעות, נאר אויך פאר דער מדרגה פון טפשות צו וועלכען ער דערגרייכט.

דער קאמוניזם איז אן ארויספאדערונג (א „טשאַלענדזש") צו אונזער שכל הישר, אויף וויפיל ער, דער דאזיגער שכל, איז נאך ניט נפגם געווארען, ניט געשלאגען געווארען אין דער תהו ובהו צייט וואס מיר לעבען דורך פאר די לעצטע פינף און צוואנציג יאהר.

איך דער מענש, וואס פיהלט און טראכט און וויטאגט, בין בארעכטיגט צו פרעגען: מיט וואָס זיינען די קומענדיגע דורות, מיינע קינדס קינדער, וואס זיינען נאך ניט געבוירען געווארען, חשוב'ער און טייערער פאר מיר, דעם לעבעדיגען מענשען, חשוב'ער פאר מיינע שוין געבוירענע קינדער, אז מיר, איך און מיינע קינדער, זאלען פאר זיי ליידען? אז מיר זאלען הונגערען און פרירען און פארלייזיגט ווערען און

דערשטיקט און באשמוצט ווערען אין גוף און נשמה — כדי זיי, די נאך ניט געבוירענע, זאלען לעבען גליקליך, אנגעמענדיג אז זיי וועלען לעבען גליקליך?

„מאי חזית דדמך סמיק טפי?" — וואס גיט דיר די רעכט צוזאגען, אז דיין בלוט איז רויטער, פרעגט און ענטפערט די גמרא, ווען עס האנדעלט זיך וועגען דעם, צי איינער זאל זיך מפקיר זיין פאר'ן צווייטען. דאס איז א פראגע בנוגע צו איינעם וואס לעבט. וואס זאל שוין געזאגט ווערען, וועגען איינעם וואס איז א „דבר שלא בא לעולם" — וואס איז נאך ניט געבוירען געווארען?

און אויב מיר האלטען שוין ביי פרעגען, וועל איך, ל'עבעדיגער מענש, ווייטער פרעגען: מיט וואס זיינען מיין קאמף און מיינע יסורים און מיין טויט לטובת א נייער, גליקליכער געזעלשאפט, נאכדעם ווען מיין קבר וועט מיט גראז באוואקסען ווערען, חשיבות'דיגער און אידעאלער פון דעם קאמף און טויט לטובת דעם „כבוד" און „גדולה" און „גליק" פון דער „נאציע", פון דעם „פאטערלאנד"—„חשוב'ער" און אידעאלער פון יסורים און טויט וואס דער אייביגער פאטריאטיזם האט געפאדערט און א היינטיגער מוסאליני אדער היטלער פאדערען פון זייערע פעלקער?

געוויס, געטרייע, באוואוסטזיניגע און איבערצייגטע קאמוניסטען, פונקט ווי פאשיסטען און היטלעריסטען און פראנקא'איסטען — פון דעם דאזיגען סארט, זיינען פולשטענדיגע בעלי בתים אויף זייערע אייגענע גופים און נשמות און קענען טאן מיט זיי וואס זיי ווילען. מיט וואס פאר א רעכט אבער, אינ'ם נאמען פון וועלכען אויטאריטעט, קאן מען פא־

דערען פון מיר, איוואן פעטראוויטש, אז איך זאל לײדען און שטארבען פאר מײנע אײניקלאך, װען איך װיל דאס ניט?

די דאָזיגע פראגע קוקט אויס זעהר א „סוחר׳ישע״, א ניט־אידעאליסטישע, דאָס איז אבער ניט אזוי.

יעדער נארמאלער מענש, ביי װעמען עס לעבט א גע־זונטער כח החיים; ביי װעמען דער שכל איז ניט פארטונקעלט געװארען פון דעם רויך און סאזשע פון די פארשידענע „איזמען״ — פלפולים; װעמעס געפיהל איז ניט פאר׳גולם׳ט געװאָרען פון די היפנאָטיזירענדע שלאג־װערטער װי „קלאס״, „נאציאן״, „פאטערלאנד״, „קאמף״, „רעװאלוציע״ — יעדער מענש פון דעם סארט שטעלט אזא פראגע. אויב ניט אָפען, פרעגט ער דאס טיף אין הארצען, בחדרי חדרים. די איצטיגע מיליאָנען איװאַן איװאַנאָװיטשעס פרעגען דאָס, פונקט װי עס האבען דאס געפרעגט, אדער געפיהלט מיליאנען מענשען אין אלע דורות, די מיליאנען װאס זיינען פון אייביג אן געפיהרט געװארען װי שעפסען אויף די שחיטה־פעלדער, פון מלכים און טיראנען און מאניאקען, אלץ צוליב דעם גליק פון דעם „פאטערלאנד״ און די „צוקונפטיגע דורות״.

די פראגע איז געפרעגט געװארען, מערסטענס אין דער שטיל און זעלטען אָפען. און עס איז אויך געגעבען געװארען דער ענטפער אויף איהר. געגעבען געװארען פאר טויזענטער יאָהרען פון אלע מינים דעספאָטען און דיקטאטארס און װערט געגעבען פון די היינטיגע קאמוניסטישע און פאשיסטישע דיקטאטארס. דער ענטפער איז: מאכט. מיר באזיצען ברו־טאלע מאכט און דו — פרעג קיין קשיות ניט. בלייב שטום און לייד. בלייב שטום און — שטארב.

און אָט געגען דער ברוטאַלער מאַכט, געגען דער רשעות וואָס פאַרבינדעט זיך מיט דער תהום'דיגער טפשות, וואָס איז פאַרבאָרגען אין פאַטריאָטישע און „וועלטבאַגליקענדע" אידע־אַלען, ווען זיי דערגרייכען אַ געוויסע מדרגה—רעוואָלטירט אי־דישקייט און באַטראַכט זיי פאַר איהרע ביטערסטע שונאים.

אנפאנגענדיג מיט משה רבנו, וואס האט אין זיין ערשטען אַרויסטריט דערשלאגען דעם מצרי, די פארקערפערונג פון ברוטאַלער מאַכט, און ענדיגענדיג מיט'ן פאַסיווען ווידערשטאַ־נד פון אַ אידישען קדוש, וואָס האָט זיך געלאָזט פאַרברענען פון דער אינקוויזיציע, אום צו בלייבען געטריי זיין אייגענעם „איך" — איז אידישקייט איין דויערענדער נביאיש־פלאַמענדער פראָטעסט געגען ברוטאַליטעט, טפשות און פאַנאַטיזם.

דער רעליגיעזער איד איז ניט קיין „סוחר". ער מאכט כלל ניט קיין חשבונות וואס זיינען „גוט" בלויז „פאר איהם". ער איז מוכן ומזומן צו טראגען אויף זיך א עול פון שווערע פליכטען ווען ער לעבט, און ליידען די גרעסטע יסורים און שטארבען א מארטירער טויט. ווען אבער? ווען דאס קוועלט ארויס פון זיין אינערליכען גלויבען אדער איבערצייגונג און אייגענעם ווילען. ער וועט אבער קיינמאל ניט אנערקענען דעם פרינציפ פון „כח האגרוף", פון „מאכט איז רעכט".

צו רעזומירען דאס וואס איז דא ארומגערעדט געווארען, וועלען מיר שליסען מיט דער באטאנונג, אז די גרינטליכע פאדערונג פון אידישקייט איז צו איינשטעלען א יושר'דיגען סאציאלען לעבען. זי אנערקענט אבער, אז דער הויפט תנאי דערפאַר, דאַרף זיין די עטיק פון דעם יחיד, די אויסבילדונג אין איהם פון אַ „לב בשר", וואָס זאָל פאַרנעמען דעם „לב אבן".

מיר האָבען אין דעם דאָזיגען קאַפּיטעל זיך באמיהט צו באווייזען, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט גיט דעם זיכערס־טען ענטפער אויף דער פּראָבלעם פון קיום האומה; אז זי איז ביכולת צו דערהויבען און באגליקען דעם כלל און דעם פּרט, פון די שטאַנדפּונקטען פון געזונט, עטיק, עסטעטיק און א יושר׳דיג סאָציאַלען לעבען.

עס איז דאָ פּאַסיג צו שטעלען די פראַגע: איז דאָ די אָביעקטיווע מעגליכקייט דערפאר? דאָס הייסט, קאָן די תורה־רעליגיע אידישקייט דינען אלס די לעבענס־פילאָזאָפיע און לעבענס־שטייגער אין דער צוקונפט, פּונקט ווי זי האָט גע־דינט אין דער פאַרגאַנגענהייט? קאָן זי, נאָכדעם ווי צייט און אומשטענדען האָבען זיך אזוי געענדערט?

איידער אָבער מיר וועלען געפינען דעם ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע דאַרף געשטעלט ווערען אַ צווייטע פראַגע:

לאָמיר אָננעמען, אז די רעליגיע אידישקייט בילדעט מיט זיך דעם בעסטען און פולסטען ענטפער אויף דער אידישקייט־פּראָבלעם, ווי אזוי אָבער קאָן זי לייזען די אידען־פראגע? ווי אזוי איז זי ביכולת אפּשאַפען אַנטיסעמיטיזם, פארפאָלגונגען, און אנדערע אידישע צרות?

מיר וועלען פריהער פרואווען ענטפערען אויף דער צוויי־טער פראגע. מיר וועלען זיך באמיהען צו באווייזען, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט איז אָהן אן ערך שטאַרקער פון דער וועלטליכער אידישקייט, אלס אן ענטפער אויף די רע־אַלע נויטען און אינטערעסען פון דעם אידישען פאָלק. אויף א לאָגישען אופן וועט קומען די פראַגע פון דער אָביעקטי־ווער מעגליכקייט, און דער ענטפער אויף איהר.

## פינפטער קאַפּיטעל

### .1

דאָס וואָס איז ביז אהער געזאָגט געוואָרען, איז, דוכט זיך, גענוג צו באווייזען, אז ווען די תורה־רעליגיע אידישקייט וועט ווערען דער יסוד און תוך פון דעם אידישען געדאנק און אידישען לעבענסשטייגער — וועט דורכדעם דאָס אידישע פאָלק באנייט ווערען; וועט דערגרייכען די מדרגה פון גייסטיגקייט און שיינקייט, וואָס איז ניט צו געפינען ביי קיין אומה ולשון, און אפשר אויך ניט ביים אידישען פאָלק גופא פאר לאַנגע תקופות אין זיין געשיכטע . . .

דאָס וואָלט געווען איין רעזולטאַט פון דער דאָזיגער גייסטיגער איבערענדערונג. מיט דעם אליין אבער וואָלט זיך די איבערענדערונג ניט געענדיגט. זי וואָלט אויך געפיהרט צו א לאַנגזאַמער, אפשר א צו לאַנגזאַמער, אָבער א זיכערער און גרינטליכער ענדערונג אין די געפיהלען און רעאלע באציהונגען פון דער ניט אידישער וועלט צום אידישען פאָלק. און ממילא וואָלט זיך מיט דעם אָנגעפאַנגען די לייזונג פון דער אידען־פראגע אין איהר גאַנצען היקף.

דער דאָזיגער געדאַנק, וואָס וועט אפשר אויסקוקען זעהר משונה׳דיג, שטיצט זיך אויף דער הנחה, אז בדרך כלל זיינען מענשען, סיי אלס יחידים, סיי אין זייער לעבען אין גרופּען און פעלקער — ניט שלעכט. שלעכט ווערען זיי, ווען דאָס לע־

בען ווערט שווער און ביטער, ווען דער קאַמף פאר עקזיסטענץ ווערט אומדערטרעגליך, אדער ווען מענשען, יחידים און גרו־פען, ווערען געהעצט און געפיהרט און פארפיהרט פון רשעים, פאַנאַטיקער, דעמאַגאָגען, וואָס האָבען א אינטערעס צו פאר־פיהרען מענשען.

מענשליכע שלעכטקייט ציהט אויך איהר יניקה פון איינ־געוואָרצעלטע פאַראורטיילען, פון אומוויסענהייט און פון בלינדע גלויבענס וואָס ווערען ניט רעווידירט און ממילא ניט פאַרוואָרפען.

די דאָזיגע סבות און נאָך אנדערע זיינען גענוג אונז צו דערקלערען, פאר וואָס דער פראָגרעס פון מענשען און פעל־קער אין שייכות מיט עטיק און א יושר'דיגען צוזאַמענלעבען איז אזוי הינטערשטעליג אין פאַרגלייך מיט'ן פראָגרעס אויף דעם געביט פון וויסענשאַפט און טעכניק. זיי זיינען גענוג צו דערקלערען פאַר וואָס אין געוויסע געשיכטליכע פעריאָדען ווען די מענשליכע געזעלשאפט דערגרייכט א געוויסע מדרגה אין איהר סאָציאַל־פּאָליטישען פראָגרעס, ווערט זי צוריק גע־שליידערט אויף הונדערטער יאָהרען.

דער אַנטיסעמיטיזם אלס אן אידעע, א געפיהל און א ביי־זע ווירקליכקייט איז איינער פון די פילע און פארשידענאַרטי־גע אויסדרוקען פון מענשליכער שלעכטקייט, וואָס ווערט פאר־אורזאַכט און געגעהרט פון די אויסגערעכנעטע און ניט אויס־גערעכענטע סבות.

ליאָן פינסקער אין זיין „אויטאָעמאַניפּאַציאָן", און מיט איהם פילע פון די ציוניסטישע אידעאָלאָגען האַלטען, אז דער אנטיסעמיטיזם איז א מין „פסיכאָז", א מין מיסטעריעזע,

רחמנא ליצלן, גייסטיגע קראַנקהייט, וואָס האָט ניט צו טאָן מיט אנדערע מענשליכע גייסטיגע קראַנקהייטען. דער דאָזיגער ציוניסטישער געדאַנק פיהרט לאָגיש צום צווייטען געדאנק פון „שנאת עולם לעם עולם" — אז מיט אלע ענדערונגען צום גוטען, וואָס וועלען פאָרקומען אין דער מענשליכער געזעל־שאַפט, וועט דאָך דער אנטיסעמיטיזם בלייבען. פון דעם קומט דער שלוס, אז פאר'ן אידישען פאָלק איז דאָ איין עצה: אַנטלויפען פון דער וועלט און זיך ראַטעווען אין ארץ ישראל.

דאָס אלץ איז ניט אמת. ארץ ישראל איז נויטיג פאר'ן אי־דישען פאָלק, אבער ניט אלס מקום מקלט פונ'ם אנטיסע־מיטיזם. סוף כל סוף וועט זיך אין ארץ ישראל קענען „רא־טעווען", ווי עס איז שוין דאָ באוויזען געוואָרען, בלויז א קליי־נער טייל פונ'ם אידישען פאָלק. דערצו דארף מען אין זינען האָבען, אז ווען מיר „אנטלויפען" פון דעם אייראָפּעאישען אנ־טיסעמיטיזם — שטויסען מיר זיך אָן אין ארץ ישראל אויף אן אזיאטישען, אויף א „סעמיטישען" אַנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט געשפייזט פון געוויסע אינטערעסען און וואָס איז כלל ניט שוואַכער און איידעלער פון דעם אייראָפּעאיש־„אַרישען" אַנ־טיסעמיטיזם. ארץ ישראל, קורץ, איז ניט א רפואה צום אַנטי־סעמיטיזם, נאר צו אנדערע קראַנקהייטען. און וואָס ס'איז שייך אנטיסעמיטיזם איז ער ניט א מיסטעריעזע און אָפּגעזונדערטע קראַנקהייט, נאָר וואַקסט פון דעם זעלבען שורש, פון וועלכען עס וואַקסען ארויס אנדערע קללות וואָס פּלאָגען דעם מענ־שען, און וואָס איז דער עיקר — ער, דער אנטיסעמיטיזם, איז צוזאַמענגעפלאָכטען מיט די אנדערע מענשליכע איבלען.

די פראגע איז: ווי אזוי און מיט וואָס זאָל דער אנטיסע־

מיטיזם באַקעמפט ווערען? איין מעטאָדע איז אונז גאַנץ גוט־באוואוסט. דאָס איז — אויפקלערונג. זי איז די געוויינליכסטע מעטאָדע. עס באנוצען זיך מיט איהר אלע „איזמען" לטובת זייערע אידעען און געגען די אידעען, אינסטיטוציעס א. ז. וו., וואָס זיי באַקעמפען. זאָל דאָ אָבער אַמשאַרפסטען ארויסגע־בראַכט ווערען דער פאַקט, אז איין קאמף מיט'ן אנטיסעמיטיזם האָט זיך די דאָזיגע מעטאָדע ארויסגעוויזען פאר פולשטענדיג באַנקראָט. שוין קרוב צו א הונדערט און פופציג יאָהר, זינט מיר האָבען אָנגעהויבען ווערען „וועלטליך", אז מיר האַלטען אין איין אויפקלערען די גוים, אז דער אַנטיסעמיטיזם איז מיאוס, ניט לאָגיש, ניט יושר'דיג, א. ז. וו. ווייסען מיר דאָך וואסערע רעזולטאטען די דאזיגע אויפקלערונג האָט געבראכט.

אויב איין געוויסע לענדער איז דער אנטיסעמיטיזם ניט מער בנמצא, אדער איז זעהר שוואך, אדער אומבאַמערקבאר — איז דאָס ניט צוליב דער אידישער אויפקלערונג, נאָר צו־ליב די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און פּסיכאָלאָגישע ענדערונ־גען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די דאָזיגע לענדער. און פאַר־קערט. אויב דער אַנטיסעמיטיזם איז באנייט געוואָרען אין דייטשלאַנד און האָט אָנגענומען די היטלער־שטרייכער פאָר־מע, און אויב אין פוילען איז דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרען כמעט א צווייטע קאָפּיע פון דעם אַנטיסעמיטיזם אין צאַרען־רוסלאַנד — איז דאָס ווידער א ראיה, אז ער איז פארבונדען מיט דעם עקאָנאָמיש־פּאָליטישען סדר און מיט דער גייסטי־גער אַטמאָספערע פון די דאָזיגע לענדער.

מיט איין וואָרט, אידישע אויפקלערונג אין באצוג צו־אַנטיסעמיטיזם איז לחלוטין קיין מעטאָדע ניט.

עס איז דאָ אַ צווייטע מעטאָדע. אַ שפּאָגעל־נייע ביי אי־דען. דאָס איז — גוואלדען און פּראָטעסטען, דעמאָנסטראַציעס און באָיקאָט. שיינט מיר, אז יעדער איינער וואָס האָט אַ שטי־קעל חוש פאר דער ווירקליכקייט, וועט מסכים זיין, אז אויך די מעטאָדע קאָן ניט נאר ניט אויסראָטען, נאָר אפילו ניט אָפּשוואַכען דעם אַנטיסעמיטיזם. די דאָזיגע מיטלען, אויב זיי זיינען פון עפּעס אַ נוצליכקייט, איז דאָס ניט מעהר ווי געבען אַן אויסדרוק צו אונזער „צער און צאָרן", צו "שטילען אונזער בלוט". זיי זיינען אבער לחלוטין ניט קיין רפואה פאר דער מכה.

דער אידישער זוכענדער געדאנק דארף זיך דאריבער דערשלאָגען צו אַ מעטאָדע, וואָס אויפ'ן ערשטען קוק וועט זי אויסזעהן משונה'דיג, זעהר משונה'דיג, ווען אבער זי וועט גוט־גוט דורכגעטראכט ווערען, וועט זי זיך ארויסווייזען פאר דער ווירקזאמסטער. איהר ווירקזאמקייט וועט בא'אמת'ט ווע־רען דורך דער אַלמענשליכער און אידישער געשיכטע.

די מעטאָדע, ריכטיגער — דער וועג וואָס קאָן פיהרען צו דער אָפּשאָפונג פון אַנטיסעמיטיזם און מאַכען אַ סוף צו דער אידען־פראגע אין איהר טאָטאַליטעט איז: צו באווייזען דער וועלט אַ קאָנקרעטען לעבעדיגען ביישפּיל פון אַן אינ־דיווידועלען און סאָציאַלען לעבען וואָס אַנטהאַלט אין זיך דעם מעגליכען מאַקסימום פון שיינקייט, נחת און גליק. אזא ביישפּיל איז דאָס לעבען פון דעם אידישען פאָלק, וואָס איז באַזירט אויף דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

אז קאָנקרעטע לעבעדיגע ביישפּילען זיינען די כחות וואָס פאַראורזאַכען גרינטליכע ענדערונגען אין דעם לעבען פון

דער מענשהייט צו גוטען און צו שלעכטען — גיט אונז די מענשליכע געשיכטע געגוג ראיות אויף דעם.

איך וועל זיך דאָ אפּשטעלען אויף א פּאָר פון זיי.

די ערשטע מדינות וואָס האָבען אינ׳ם משך פון די לעצטע תקופות פון דער מאָדערנער געשיכטע איינגעפיהרט דעמאָקראַטישע רעגירונגס־פאָרמען זיינען געווען — פריהער ענגלאַנד און דערנאָך אמעריקא. (דרך אגב איז דאָ גוט צו געדיינקען, אז אונזער תנ״ך האָט זעהר פיל בייגעשטייערט צו דעם). דורך דעם האָבען די דאָזיגע מדינות געדינט אלס א הויפּט פאַקטאָר אין דעם אויסברוך פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע ווידער, אַלס א געשעהענער פאקט, האָט געווירקט, דירעקט און אומדירעקט, אז אויך אין אנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער זאָלען איינגעפיהרט ווערען קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונגען. נאָך מעהר. זי האָט גורם געווען אז אויך אין רוסלאַנד זאָלען פאַרזייעט ווערען די ערשטע זאָמען פון קאמף פאר פּאָליטישער פרייהייט. דאָס איז דער קאַמף פון די דעקאַבעריסטען וואָס האָט געדינט אלס דער אָנפאַנג פון רוסלאַנד׳ס קאַמף פאר פרייהייט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אויך געדינט אלס דער פארבאָרגענער שורש פון וועלכער עס איז אויסגעוואַקסען די סאָציאַליסטישע באוועגונג אין אלע לענדער.

דער קאָמוניזם אין רוסלאַנד — וואָלט ער שוין געווען א ממשות׳דיגער דערפאָלג, אדער וואָלט ער לכל הפחות געטראָגען אין זיך פּאָטענציעלע מעגליכקייטען פאר דער פארווירקליכונג פון די אידעאלען פון יושר און אמת און גליק, פאר וועלכע דורות־דורות האָבען געבלוטעט — אזוי וואָלט

ער זיך ווי א וואַלד פייער פארשפרייט איבער גאַר דער וועלט. און געוויס, עס וואָלט קיין שום מעגליכקייט ניט געווען פאר דער אנטשטייאונג פון פאַשיזם און היטלעריזם, פאר דעם שפּאַנישען בירגער־קריג, פאר דעם חורבן פון כינא און פאר דער מורא׳דיגער סכנה פון א צווייטער וועלט־מלחמה וואָס שוועבט אויף אונזערע אַלעמענס קעפּ.

דאָס איז דער כח פון לעבעדיגע ביישפּילען און פאַקטען.

און וואָס לערענט אונז די אידישע געשיכטע?

אין די לעצטע צענדליגער יאָהרען פון דער בית שני תקופה, ווען דער פּאָליטישער מצב פון׳ם אידישען פאָלק איז געווען בשפל המדרגה, האָט די גריכיש־רוימישע וועלט אָנ־געהויבען אנערקענען די גייסטיגע הויכקייט און שיינקייט פון יודענטום, און דאָס האָט איהר מכשיר געווען צו פאַרוואַרפען געצענדינסט און אָננעמען קריסטענטום, א פּראָדוקט פון׳ם יודענטום. דער וואָס האָט געשטודירט יענע תקופה ווייסט, אז ניט יעזוס און ניט זיינע תלמידים האָבען גורם געווען, אז די גריכיש־רוימישע וועלט זאָל פארווארפען געצענדינסט — נאָר דאָס אידישע פאָלק.

שוין אין יענער צייט איז דאָס אידישע פאָלק געווען א גלות־פאָלק, א צוזייט און צושפּרייט פאָלק. ער איז דאריבער געקומען אין נאָהענטער באריהרונג מיט די אנדערע פעלקער. די דאָזיגע נאָהענטקייט האָט געבראכט דערצו, אז די אידישע אידעען זאָלען באאיינפלוסען די ניט אידישע דענקענדע מוחות און דער אידישער לעבענסשטייגער זאָל מאַכען א טיפען איינ־דרוק אויף די ניט אידישע ערליכע און געפילפולע נשמות פון׳ם פּראָסטען פאָלק. נאָך דעמאלט פלעגען יחידים, משפחות

און גרופען זיך מגייר זיין, און עס איז קיין ספק ניט, אז ווען ניט די ספעציעלע סבות וואָס זיינען פארבונדען מיט דער אי־דישער געשיכטע נאָכ׳ן חורבן בית שני — וואָלט ניט קריס־טענטום, נאָר יודענטום געוואָרען מיט דער צייט די רעליגיע פון דער גריכיש־רוימישער וועלט.

עס איז דאָ ניט דער פּלאַץ זיך אפּצושטעלען אויף יענע סבות. אויסגעצייכענט אין דער פאָרשונג פון זיי, האָט זיך, נאָך מיין מיינונג, דר. יחזקאל קויפמאן אין זיין ספר „גולה ונכר״, וואו ער באהאנדעלט יענע תקופה. פאר אונז איז וויכ־טיג בלויז צו באַטאָנען, אז קריסטענטום האָט אפּעלירט צו דער ניט־אידישער וועלט מיט און דורך דעם אידישען עלע־מענט — מיט איהר נעגאַציע פון פּאַגאַניזם און מיט דעם מענשליך־עטישען אינהאַלט וואָס קריסטענטום האָט איבער־גענומען פון יודענטום. קורץ, די צייט איז געווען מוכשר פאר דעם באַנקראָט פון געצענדינסט, און צו דעם האָט געהאָלפען דאָס לעבעדיגע אידישע פאָלק, שוואַך און דערשלאָגען פּאָלי־טיש, אבער פריש און מעכטיג אין זיין גייסט און לעבנסשטיי־גער.

אבער ניט נאָר אין יענער תקופה האָט אידישקייט גע־וועקט דעם געדאנק און אפּעלירט צו דער נשמה פון ניט אי־דען. אויך אין די שפּעטערדיגע תקופות, אין שפּאַניע און גאַליע, צווישען די וועסטגאָטישע שבטים, איידער דער קאַ־טאָליציזם האָט זיך צווישען זיי באפעסטיגט, האָבען אידען געהאַט א גרויסען איינפלוס אויף זייערע שכנים. קריסטען האָבען זיך ניט מגייר געווען, אָבער עס איז ניט געווען קיין סימן פון אַנטיסעמיטיזם. נאָך מער, און דאָס איז דער עיקר,

קריסטען האָבען געקוקט אויף אידען מיט גרויס דרך ארץ, האָבען זיי באַטראַכט אלס א „עם חכם ונבון". עס איז געגאַנגען אזוי ווייט, אז קריסטען פלעגען קומען אין די אידישע שולען צו הערען די רבנישע דרשות, איינלאַדען די רבנים צו בענשען זייערע פעלדער און וויינגערטנער, און פרעגען ביי זיי עצות וועגען פערזענליכע ענינים.

און שטודירענדיג ווייטער די אידישע גלות־געשיכטע וועט איהר אויסגעפינען, אז עס האָט גענומען הונדערטער־הונדערטער יאָהרען ביז דער מיטעלאלטערליכער אנטיסעמיטיזם איז געוואָרען א תושב אין דער קריסטליכער וועלט. ערשט ווען דער קאַטאָליציזם האָט זיך טיף איינגעוואָרצעלט, און באזונדערס ווען ער האָט געזעהן אין אידישקייט א סכנה פאר זיין אייגענער עקזיסטענץ, ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבען רייצען די פעלקער געגען דעם אידישען פאָלק און מאַכען פון זיין לעבען א גיהנום. און אויב מיר ווילען זיין פינקטליכער אין דעם ענין, דאַרפען מיר זאָגען, אז דער אמת׳ער „מיטעלאלטער" פאר אידען הויבט זיך אָן מיט די ערשטע שפראַצלינגען פון דער „מאָדערנער צייט" פאר די פעלקער — מיט די קרייצצוגען.

די דאָזיגע באמערקונגען ווערען דאָ געמאכט, אום צו באטאָנען דאָס וואָס איז דאָ דערמאָנט געווארען. ערשטענס, אז דאָס אידישע פאָלק מיט זיין לעבענסשטייגער איז געווען ביכולת צו אפעלירען צו דעם ערליכען מענשליכען געפיהל פון די גרויסע קריסטליכע מאַסען אין די גלות־לענדער, פונקט ווי ער איז דאָס געווען ביכולת בנוגע צו די געצענדינערישע מאַסען, ווען ער האָט נאָך געוואוינט אויף זיין אייגען לאַנד.

און צווייטענס, אז כל זמן די מאַסען זיינען ניט געהעצט גע־וואָרען פון פירער־פאַרפירער צוליב זייערע אינטערעסען — איז ניט געווען קיין באָדען פאַר אנטיסעמיטיזם.

דאָס איז בנוגע דער קריסטליכער וועלט. וואָס איז שייך דער מוסולמאנישער וועלט, איז דאָך אונז באוואוסט, אז הונ־דערטער־הונדערטער יאָהרען איידער דער מאַכמעדאַניזם איז אַנטשטאַנען האָבען אידישע שבטים געלעבט אין פולער פריינדשאַפט מיט זייערע אראבישע שכנים; אז די אידען אין אראביען האָבען גורם געווען דער אנטשטייאונג פון מאַכמע־דאַניזם; אז די אראבישע עפּאָכע אין שפּאַניע ווערט פאַררע־כענט פאַר דער „גאָלדענער עפּאָכע", אין דער אידישער גלות־געשיכטע; אז דער אידענטום אין בבל, סיי אונטער די פּער־סיער, סיי אונטער די אַראַבישע קאַליפען, האָט זעלטען־זעל־טען געליטען פון אַנטיסעמיטיזם. פארקערט, עס איז איהם געגעבען געוואָרען די מעגליכקייט צו לעבען אַן אויטאָנאָמיש לעבען אונטער א „ריש גלותא" און זיך פיהלען כמעט „ווי ביי זיך אין דער היים".

די דאזיגע געשיכטליכע באמערקונגען קענען אונז העל־פען זיך אריענטירען אין אונזער מצב צווישען די פעלקער אין דער געגענוואַרט און אין דער צוקונפט.

דורכדעם וואָס מיר וועלען דערגרייכען די העכסטע מדרגה פון גייסטיגקייט און שיינקייט וועלען מיר ציהען די טיפסטע אויפמערקזאמקייט פון די פעלקער וואָס זיינען מסוגל אָפּצושעצען גייסטיגקייט, און באזונדערס וועלען מיר קענען דורכדעם פארשטאַרקען צו אונז די פריינדשאפט און אכטונג פון די פעלקער, וואָס מיר באַטראַכטען אלס אונזערע פריינד.

אזעלכע פעלקער זיינען נאָך דאָ אפילו איצט, אין דער „משוגע־געוואָרענער" וועלט. דאָס זיינען די קליינע דעמאָ־קראַטישע פעלקער ווי בעלגיע, האָלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, די סקאַנדינאַווישע פעלקער, און די דריי גרויסע דעמאָקראַ־טישע פעלקער — פראַנקרייך, ענגלאנד און אמעריקא. זיי אלע זיינען מסוגל אונז פארשטיין און ווערען וואָס מער פריינדליכער צו אונז. זיי האָבען דאָס שוין באוויזען מיט דעם, וואָס ביי זיי איז ניטא קיין „אידען פראגע".

נאר אויב מיר נויטיגען זיך אין דעם „גוטען ווילען" פון דער גאַנצער דעמאָקראַטישער וועלט, איז פאר אונז ממש אַ לעבענס־נויט צו אָנהאַלטען און נאָך מער פאַרטיפערען די פריינדשאפט און דעם כבוד־געפיהל צו אונז מצד די צוויי מעכטיגסטע דעמאָקראַטישע מדינות אין דער וועלט: ענגלאנד און אמעריקא.

די דאָזיגע נויטיגקייט איז פארשטענדליך. דאָך וועל איך זיך אויף איהר אָפּשטעלען.

ע נ ג ל א נ ד .

מיר האָבען צו איהר בערג מיט טענות. עס מוז אבער טיף איינגעקריצט ווערען ביי אונז דער געדאנק, אז מיט אלע עוולות וואָס זי באגייט און וועט נאָך אפשר באגיין געגען אונז, איז זי די מדינה מיט וועלכער מיר האָבען פארבונדען אַ שטיק פון אונזער גורל, פון אונזער געשיכטע, און אַנדערע זאָגען — אונזער גאַנצע געשיכטע. עס איז דאָך אָפּגערעדט: ניט מיט'ן פאַשיזם, אין זיין היטלערישער, אדער איטאליעני־שער פאָרם, און אויך ניט מיט'ן קאָמוניזם קענען מיר גיין אויפ'ן וועג וואָס פיהרט צו אונזער גאולה אין ארץ ישראל.

געוויס קענען מיר ניט דערוואַרטען פון די דאָזיגע צוויי „איזמען", אז זיי זאָלען אונז העלפען לייזען די אידישע פראגע אין די גלות־לענדער.

ענגלאַנד אבער, ווען זי וועט פארבלייבען די מעכטיגסטע און איינפלוסרייכסטע מדינה אין איראָפּע, וועט זי זיין די מדינה וואָס וועט באַשטימען אונזער גורל אין ארץ ישראל, און אויך אונז פיל העלפען צו נאָרמאַליזירען אונזער לעבען אין די איראָפּעאישע לענדער.

איהר באַציהונג צו אונז פאר די לעצטע הונדערט און מעהר יאָהרען קאָן אונז איבערצייגען, אז מער ווי אירגענד אַנדער פאָלק, האָט ענגלאַנד א באַזונדער „שוואַכקייט" צו אונז. זי האָט דאָס באַוויזען דורך איהרע שטאַטסמענער, דענ־קער און שריפטשטעלער. זי האָט בפועל ממש, ניט נאָר אין איהר קאָנסטיטוציע, אונז באַהאַנדעלט ווי איהרע אייגענע קינדער. זי איז געווען די ערשטע און איינציגע צו קומען צו דר. הרצל'ען מיט א פאָרשלאָג פון א אידישער מדינה — אוגאַנדא. עס איז אויך קיין ספק ניט, אז ווען זי האָט אונז גע־געבען די באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט זי געהאַט די ריינסטע כוונות.

דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען גיט אונז א גענוגענדען סמך צו אַננעמען, אז ענגלאַנד איז אי אונזער פריינד, אי זי אַכטעט אונז.

איך וויל נאָך דאָ צוגעבען, אז איהרע האַנדלונגען געגען אונז פאר די לעצטע צוואַנציג יאָהר, טאָרען ניט אויסגע־טייטשט ווערען פון אונז אלס אן ענדערונג אין איהרע געפיה־לען צו אונז, אז איהרע כוונות וועגען אונז זיינען ניט קיין

ערליכע. עס וועט זיין לאגישער און אמת׳ער, ווען מיר וועלען אויסטייטשען איהרע האַנדלונגען מיט דעם, וואָס די אידישע פּאָליטיק איז געוואָרען א טייל פון דער וועלט־פּאָליטיק, און ענגלאַנד מוז האַנדלען מיט אונז ווי איהר שטייגער איז בכלל: מיט אונזיכערקייט, זיך וואַרפען אהער און אהין, וואַרטען, אָפּלייגען, זיך אויסדרייען. מיר זיינען קרבנות דערפון, אָבער שולדיג אין דעם איז די וועלט־פּאָליטיק און ענגלאנד׳ס אייגענע אומרוהיגקייט.

ווי די מעשה זאָל ניט זיין, און די מעשה איז זעהר א טרויעריגע און א בלוטיגע, עס טאָר ביים אידישען פּאָלק ניט אָפּגעשוואַכט ווערען דער וואונש צו אָנהאַלטען, ביין, נאָך מער פאַרשטאַרקען די פריינדשאַפט פון ענגלאַנד צו אונז. און איינער פון די זיכערסטע מיטלען צו האָבען שטענדיג ענגלאנד מיט אונז איז — צו פארבלייבען א אידיש פאלק, א טראַדיציע פאָלק, דאָס „בייבעל״־פאָלק וואָס רעדט אזוי פיעל צום ענגלישען הארצען . . .

**א מ ע ר י ק א .**

איהר פריינדשאפט צו אונז איז געוויס פון דער גרעסטער חשיבות און נויטיגקייט. און נויטיג איז דאָס ניט נאָר ווייל זי איז געוואָרען דער בעסטער און אזוי ווייט דער זיכערסטער מקום מקלט פאר מיליאָנען אידישע מאַסען. מיר דארפען האָבען איהר פריינדשאפט, ווייל אויך זי האָט געהאָט און האָט נאָך עד היום א באזונדער „שוואַכקייט״ צו אונז. די זעלבע „בייבעל״ סענטימענטען וואָס האָבען באוועגט ענגלאנד זיך באציהען צו אונז אויף איהר שטייגער האָבען אויך באַוועגט אמעריקא. אויך איהרע שטאַטסמענער, דענקער און אָראַטאָרס

האָבען געשאפען די אַטמאָספערע פון סימפּאַטיע און אַכטונג צו אידען און יודענטום, די געפיהלען, אין וועלכע מיר נויטיגען זיך אזוי אין דער איצטיגער וועלט. און עס איז ממש א לעבענס־נויט פאר אונז, זאָל דאָ נאָך אַמאָל באַמערקט ווערען, אז די דאָזיגע אַטמאָספערע זאָל אָנגעהאַלטען ווערען. אין דער פריינדשאפט פון אמעריקא נויטיגען מיר זיך פונקט, און אפשר נאָך מער, ווי אין דער פריינדשאפט פון ענגלאנד. אמעריקא שפילט און וועט שפּילען א גוואַלדיגע ראָלע אין דער וועלט־פּאָליטיק, און אין דער דאָזיגער אמעריקא לעבט דער צאָלרייכסטער, דער קרעפטיגסטער און איינפלוסרייכסטער טייל פון דעם אלוועלטליכען אידענטום.

א תורה־רעליגיע אידיש פאָלק איז דער זיכערסטער מיטעל צו אָנהאַלטען די פריינדשאפט און אַכטונג פון אמעריקא. און פארקערט. א וועלטליך אידיש פאָלק, א אידיש פאָלק אָהן רעליגיע איז פאר אונז די גרעסטע סכנה, כל זמן דאָס אמעריקאַנער פאָלק אַלס פאָלק בלייבט רעליגיעז, קאַטוילִיש און פּראָטעסטאַנטיש . . .

און איך וויל דאָ ארויסזאָגען אַן השערה, אז אויב ביי געוויסע שיכטען פונ׳ם אמעריקאנער פאָלק הויבט אן וואַקסען א געגנערשאַפט, באנוצענדיג זיך מיט א מילדען וואָרט, צום אידישען פאָלק — איז איינער פון די בייסטייערענדע פאַקטאָרען פאר דעם די וועלטליכע אידישקייט וואָס ווארפט זיך שוין צופיל אין די אויגען . . .

איך וואָלט געוואָלט ארומריידען די דאָזיגע השערה אביסעל גענויער, איך וועל זיך אָבער אָפּהאַלטען דערפון.

אנדערע וועלען זאָגען: מיר דארפען גיין מיט די פּראָ־

גרעסיווע עלעמענטען אין אמעריקא, סיי אויפ'ן עקנאָמישען, סיי אויפ'ן קולטורעלען געביט. אפשר איז דאָס ריכטיג. האָבען מיר שוין אָבער אין דעם ענין א ביטערע דערפאַרונג: איידער וואָס־ווען, איידער „פּראָגרעס" באזיגט „אָפּגעשטאַנענקייט" — ווערען מיר דאָס כפרה הינדעל, ווערען מיר דאָס „אויל וואָס שמירט די רעדער פון רעוואָלוציע". און מיר שיינט, אז דאָס אידישע פאָלק וויל מער ניט זיין קיין „אויל". וויל ניט, און טאָר ניט.

און דערצו איז נאָך א פראגע — וואָס הייסט „פּראָגרעס" און וואָס הייסט „רעאקציע"? דער קאָמוניזם אין רוסלאנד גיט אונז זעהר פיל צו טראַכטען וועגען דעם. און אויך דער היטלעריזם וואָס באַקעמפט רעליגיע פונקט ווי דער קאָמוניזם איז אויך א ענין וואס דערוועקט אין אונז דעם חשק צו מאכען א גרינטליכע רעוויזיע בנוגע דעם אינהאַלט פון א געוויסער צאָל אָנגענומענע ווערטען.

אבער דאס איז ווייטער א באזונדער ענין, וואָס פאַרדינט א באזונדער באַטראַכטונג.

איך מאך א סך הכל פון דעם וואָס איז דא געזאָגט געוואָרען.

וואָס מער דאס אידישע פאלק וועט לעבען און דענקען לויט זיין תורה־רעליגיע אידישקייט, אַזוי מער פריינדשאפט און אכטונג וועט ער ארויסרופען ביי די פעלקער וואָס זיינען ניט פארפירט אדער פארקנעכטעט פון די צוויי הערשענדע „איזמען",—וואָס האָבען איין בשותפות'דיגע אייגענשאַפט— טיראניי און דיקטאטור, און באזונדערס וועט דאָס אידישע

פאָלק קריגען פריינדשאַפט און אכטונג ביי ענגלאַנד און אמעריקא.

און דאס מיינט דער אנהויב פון דעם סוף פון דעם אַנטי־סעמיטיזם, און דער וועג צו דער פולשטענדיגער לייזונג פון דער אידישער פראַגע.

מיט דעם אבער ענדיגט זיך ניט די ווירקונג פון דער אידישער באנייאונג דורך זיין תורה־רעליגיע. איהר ראָלע וועט זיך אַנטפלעקען אויך אויף אנאדער אופן.

3.

די רענעסאַנס פון דעם אידישען פאָלק אויפ׳ן רעליגיעזען געביט וועט איהם געבען דעם כח צו ווערען צוריק א „אור לגוים”. דאָס וואָס ער איז אמאל געווען. דאָס מיינט א פאָלק פון וועלכען „גוים”, וועלען זיך לערנען, ווי אַזוי איינשטעלען זייער סאָציאלען און אינדיווידועלען לעבען.

דאָס מיינט ניט אַז אידען וועלען ווערען מיסיאָנערען, אז זיי וועלען נעמען אויף זיך דורכפירען די „תעודה” (מיסיע) וועגען וועלכער עס פלעגט רעדען דאָס רעפארם־יודענטום. דאָס ניט. דער פסוק „ילך איש בשם אלהיו” — זאָל יעדער מענש לעבען נאָך זיין רעליגיע, איז פון אייביג אן געווען א עיקר׳דיגער פרינציפּ ביים אידישען פאָלק. נאָך מער, דער אידישער דין זאָגט, אז ווען איינער וויל זיך מגייר זיין דארף מען זיך באמיהען איהם אָפּריידען דערפון.

עס מיינט אבער, אז ווען די ניט אידען וועלען זעהן דאָס אידישע לעבען, אינדיווידועל און סאָציאל, וועלען זיי אַנגעפילט ווערען מיט׳ן וואונש איינפירען ביי זיך אזא לעבענס־

שטייגען, שטרעבען וואָס מער צו גייסטיגקייט און קדושה . . .

דאָס איז דער אייביגער נביאישער חלום פון דער וועלט־גאולה, פון „תקון עולם במלכות־שדי״.

און די צייט איז רייף פאַר דער פאַרווירקליכונג פון דעם דאָזיגען חלום.

די איידעלסטע קינדער פון דער מענשהייט האָבען שוין אנגעהויבען שפירען דעם מורא׳דיגען גייסטיגען חורבן פונ׳ם מענשען. עס זיינען צופאַלען געוואָרען די יסודות פון אינדי־ווידועלער און אינטערנאַציאָנאלער עטיק. עס האָט באַנק־ראָטירט דער אידעאל פונ׳ם „וויסענשאַפטליכען״ סאָציאליזם. עס איז אויך קלאָר געוואָרען, אַז ניט וויסענשאַפט און ניט קונסט דערהויבען דעם מענשען, אז ניט זיי קענען באזיניגען זיין לעבען און געבען איהם דאָס וואָס מען רופט„ גליק״. אין דער זעלבער צייט ווערט אַנערקענט, אַז דער פאַשיזם אין זיינע פאַרשידענע פארמען, וואס איז אנטשטאַנען אלס א רעאקציע צו די אידעאַלען פונ׳ם אכצענטען און ניינצענטען יאָהרהונדערט, קאָן זיך לאנג ניט האַלטען.

עס וועט דאריבער אלץ וואקסען די נויט ביי די יחידים און פעלקער אין א לעבענס־אידעאל וואָס איז ביכולת אי צו דערהויבען דעם מענשענס נשמה אי צו באזאָרגען זיינע גופניות׳דיגע באַדערפענישען. דאָס יודענטום האָט דורך זיין טויזענטער יעריגער עקזיסטענץ באוויזען, אז ער קאן בילדען מיט זיך דעם דאָזיגען לעבענס־אידעאל.

דאָס אידישע פאָלק האָט דורכגעפיהרט א גייסטיגע אי־בערקערעניש אין דער אמאָליגער וועלט. ער איז נאָך מער מוכשר דאָס דורכפיהרען אין דער מאָדערנער וועלט. דאס

אידישע פאָלק איז ניט מער א „שטעטעל"־פאָלק, איזאָלירט אין זיינע ד' אמות, נאר אַ וועלט־־פאָלק. ער געפינט זיך אין אן ענגען קאנטאקט מיט גרויסע און קליינע פעלקער, און דאָס גיט איהם די מעגליכקייט צו משפיע זיין אויף דער וועלט מיט זיין עצם עקזיסטענץ אַלס א תורה־רעליגיע פאָלק.

דאָס אידישע פאָלק וועט משפיע זיין אויף אן אומדי־רעקטען אופן. עס וועט אבער ניט זיין געגען דעם אידישען גייסט און געגען די פרינציפען פון אמת און יושר בכלל, ווען אידען וועלען האָבען די אמביציע צו לערנען דער וועלט אידישקייט אויף א דירעקטען אופן. ניט מיט דער כוונה צו מגייר זיין, נאָר צו וועקען ביי ניט־אידען דעם חשק צו איינ־שטעלען זייער ממשות'דיג לעבען, לויט די פאָדערונגען און פרינציפען פון זייערע רעליגיעס וואָס ציהען זייער יניקה פון יודענטום. ווייל די צרה מיט די ניט אידישע רעליגיעס באַ־שטייט ניט הויפטזעכליך אין דעם וואָס זיי זיינען ניט אידישע, נאָר אין דעם, וואָס די דאזיגע רעליגיעס זיינען שטענדיג פארבליבען בלויז אַבסטראַקציעס, און דעם וואָס זיי האָבען זיך ניט פארקערפערט אינ'ם לעבען פון דעם יחיד און גע־זעלשאפט.

אננעמענדיג די דאָזיגע אויסטייטשונג פון דער אידישער אויפגאַבע, וועט ניט זיין קיין סתירה צווישען דעם אויבענ־דערמאָנטען פסוק פון „ילך איש בשם אלהיו" און אזעלכע נבואות ווי „כי מציון תצא תורה" און „והלכו גוים לנוגה זרחך" — פעלקער וועלען גיין ביי דער שיין פון דער אידישער ליכט.

פאר קרוב צו הונדערט און פופציג יאָהר, האָט זיך אַ

טייל פונ׳ם אידישען פאָלק געהאַלטען אין איין דערוויטערען פון אידען און אידישקייט; איז פאַרכאפט געווען פונ׳ם גייסט פון אַסימילאַציע, פון דעם וואונש פון „להיות ככל הגוים בית ישראל״. איז געקומען די צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק זאָל באלעבט ווערען פון דער תשוקה פון — „להיות כבית ישראל כל הגוים״.

די לעצטע צענדליגער יאָהרען איז אנשטאט אסימילאציע אנטשטאַנען ביי אונז דער אידישער נאציאָנאַליזם, די וועלט ליכע אידישקייט, וואָס איז אנאנדער פארם פון „ככל הגוים׳די גקייט״. פון היינט אן און ווייטער דאַרף דער לייכטענדער אידעאל פאר׳ן אידישען פאלק זיין — אידישע וועלטליכקייט. א וועלט וואָס זאָל זיין דורכגעדרונגען אין איהר לעבען און קולטור מיט אידישקייט.

## זעקסטער קאַפּיטעל

### .1

מיר קומען צוריק צו די צוויי פראגען וואָס זיינען דאָ געשטעלט געוואָרען: איז מעגליך פאַר דער תורה־רעליגיע אידישקייט צו ווערען צוריק אונזער לעבענס־פילאָזאָפיע און לעבענס־שטייגער? איז דאָס מעגליך אפילו ווען מיר וועלען אנערקענען איהר חשיבות און נויטיגקייט?

און אויב מיר נעמען אן די דאָזיגע מעגליכקייט צווישען דעם אידישען פאָלק — איז דאָס ניט די ווילדסטע אוטאפיע צו דענקען, אז דורך דעם וועט געלייזט ווערען די אידען־פראגע?

אויף ביידע פראַגען זאָל געזאָגט ווערען דאָס פאָלגענדע:

דער מחבר פון דער דאָזיגער אָפּהאַנדלונג איז טיף איבער־צייגט, אז יעדער איינער, וואָס האָט זיך דערשלאָגען צום תוך פון דער רעליגיע־אידישקייט און באַגריפען איהר ווערט ביי דער ליכט פון דער מענשליכער געשיכטע און מענש־ליכערליכער דערפארונג — וועט אנערקענען, אז זי איז ביכולת צו באגייסטערען פאר איהר יחידים, גרופען און פאָלקס־מאַסען, אז זי איז ביכולת זיי באוועגען איהר אוועק־צושטעלען אַלס דעם יסוד פון זייער לעבען און קעמפען און ליידען פאַר איהר. דאס איז איינס.

דער מחבר איז ווייטער איבערצייגט, אז אפילו אין דער איצטיגער צייט, נאָך דעם גרויסען חורבן וואָס דער „צייט

גייסט" און איהר קינד — די וועלטליכע אידישקייט, האָבען אָנגעמאַכט אין דעם אידישען רעליגיעזען דענקען און לעבען — פאַרמאָגט דאָס אידישע פאָלק טויזענטע טיף־פיהלענדע און ערנסט־דענקענדע יחידים און הונדערטער טויזענדער פון די גרויסע אידישע פאָלקס־מאַסען, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט ליבע און כבוד און געטריישאפט צו דער תורה־רעליגיע אידישקייט.

אויפ׳ן סמך פון די דאָזיגע איבערצייגונגען קומט דער מחבר צום לאָגישען שלוס, אז עס איז געקומען די צייט, ווען די טויזענטע פיהלענדע און דענקענדע יחידים זאָלען זיך פאַראייניגען און אויסבילדען מיט זיך א קרעפטיגע, באַגייס־טערטע קערפערשאפט וואָס זאָל פאר זיך שטעלען די שווערע, אומגעהויער שווערע אויפגאבע: מאַכען די תורה־רעליגיע אי־דישקייט פאר דעם דאָמינירענדען פאַקטאָר אינ׳ם מענשענס לעבען, פריהער אין זייער אייגען לעבען און אין דעם לעבען פון די אידישע מאַסען וואָס זיינען נאָך ניט „פארוועלטליכט" געוואָרען, און דערנאָך — אינ׳ם לעבען פון דער גאַנצער מענשהייט.

עס איז געקומען די צייט דערפאַר.

ווייל דאָס אידישע פאָלק דאַרשט נאָך א דערפרישונג, מו־טיגענדיג און דערפרייענדיג וואָרט; ווייל דאָס אידישע פאָלק מוז אָנהויבען קריגען שכר פאר זיין גרויסען צער. ווייל דאָס אידישע פאָלק זינקט אלץ מער אין א תהום׳דיגען יאוש, און מוז פון דעם דאָזיגען תהום ארויסגעצויגען ווערען.

פון אלע חלומות, מיט וועלכע מיר האָבען זיך ארומגעט־טראָגען איז געוואָרען ווינט און רויך. מיר האָבען צוריק מיט

צוואנציג יאָהר, נאָך דער וועלט מלחמה, געגלויבט, אז עס וועלען באשאפען ווערען „א נייער הימעל און א נייע ערד״, אז „די וועלט וועט אָנגעפילט ווערען מיט „דעה״ — וויסען און עטיק, ווי די ימים זיינען אָנגעפילט מיט וואסערען״; אז דער נביאישער חלום פון אינטערנאציאָנאלען אייביגען שלום וועט פארווירקליכט ווערען; אז די איבלען פון קאַפּיטאליזם וועלען אָפּגעשאַפט ווערען; אז צוזאַמען מיט די דאָזיגע וועלט־ענדערונגען וועט זיך אָנהויבען די אידישע גאולה: ארץ ישראל וועט ווערען ארץ ישראל און פון דעם אַנטיסעמיטיזם וועט קיין שריד ופליט ניט בלייבען.

דאָס זיינען געווען אונזערע חלומות. נאָך צוואנציג יאָהר זעהען מיר וואָס פון זיי איז געוואָרען.

קליינע פאַריאַכטע פעלקער זיינען טאַקע פּאָליטיש אויפ־געריכט געוואָרען. צוזאמען אבער מיט דעם איז אויפגעשטיגען דער שאָוויניסטישער נאַציאָנאליזם און מיט איהם דער אנ־טיסעמיטיזם וואָס זיין גלייכען איז שווער צו געפינען אין דער מאדערנער וועלט געשיכטע. עס איז געשאַפען געוואָרען א „ליג אף ניישאָנס״, וואָס האָט געזאָלט פאַרמיידען און שליכ־טען מחלוקת׳ען און סכסוכים צווישען פעלקער. די וועלט איז אָבער קיינמאָל ניט געווען געפּלאָגט פון דער מורא פאר א וועלט־מלחמה ווי אין דער צייט וואָס די „ליג״ עקזיסטירט. און אין דער זעלבער צייט האָלט זיך דער סם פון פאשיזם אין פאַרשפּרייטען וואָס מער; אין דער זעלבער צייט איז עטיאָפּיע פאַרניכטעט געוואָרען, שפּאַניע גייט אָפּ מיט בלוט דורך איהר בירגער קריג, כינע ווערט צושמעטערט און איהר געשריי נאָך הילף איז א קול קורא במדבר.

דער סאָוועטישער קאָמוניזם האָט געזאָלט זיין אַן אתחלתא דגאולה פאר דער גאַנצער וועלט. ער האָט געזאָלט אי אָפּשאַפן קאַפּיטאַליזם, אי עטאַבעלירען אינטערנאַציאָנאַלען שלום. אנשטאט דעם האָט ער געדינט אלס איינער פון די הויפט פאַקטאָרען פאר'ן געבורט פון פאַשיזם און היטלעריזם. און מיט זיינע אומאויפהערליכע מעשים תעתועים, מיט זיין ברוטאַליטעט און בלוטצאַפּעניש פארניכטעט ער די האָפנונג פאר אן אמת־סאָציאַליסטישער, פאר אן עטישער וועלט מי יודע אויף וויפיל דורות.

פאר'ן אידישען פאָלק, נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט אין די מלחמה יאָהרען און נאָך זיי — אין די פאָגראָמען יאָהרען, האָט א בליץ געטאָן די האָפנונג פון א „נאַציאָנאַלער היים" אין ארץ ישראל און „מינאָריטעטען רעכט" אין די גלות־לענדער.

אנשטאט דעם קומט פאר דער נאַציאָנאַלער אונטערגאַנג פון דריי מיליאָן אידען אין סאָוועט־רוסלאנד; קומט פאָר די פאָגראָמירונג און עקאָנאָמישע אנטארטונג פון דעם דריי־מיליאָניגען פוילישען אידענטום; האָט זיך אויסגעגאָסען א שטיק תוכחה אויפ'ן דייטשען אידענטום, און אין אונזער „נאַציאָנאַלער היים" קומען פאָר פעריאָדישע „מאורעות" („געשעהענישען" — אין א מילדערער שפראַך), וואָס ברייננגען מיט זיך קרבנות און עקאָנאָמישע חורבונות; גייט אָן אַן אייביגער דינגען זיך מיט ענגלאנד, און א מורא'דיגער פראַגעציייכען בנוגע דער צוקונפט פון ארץ ישראל האָלט אונז אין איין באאומרוהיגען.

דאָס איז אונזער צייט. און מיר דאַרפען פון איהר לער־נען:

די אידישע גאולה קאָן ניט קומען ניט דורך און אין ארץ ישראל און ניט אין חוץ לארץ, כל זמן די וועלט וועט בלייבען ווי זי איז. דער אנטיסעמיטיזם וועט ניט פארניכטעט ווערען ניט דורך דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסטען, און ניט דורך השתדלות ביי פריינדליכע רעגירונגען און א פשיטא שוין ניט דורך קלאגען זיך פאר דעם פעלקער־בונד. אויף דעם זעל־בען אופן קאָן דאָס אידישע פאָלק זיך ניט פארזיכערען און באַפעסטיגען אין ארץ ישראל, כל זמן די אַראַבער וועלען זיין פאר׳סמ׳ט פון דעם מאָדערנעם שאָוועניזם און וועלען אויס־גענוצט ווערען פון קאָמוניזם, פון פאשיזם און פון „עפענדי״־איזם פאר זייערע אינטערעסען.

די אידישע גאולה אין ארץ ישראל און איבער דער גאַנ־צער וועלט קאָן און וועט קומען אין א וועלט פון יושר און אמת. דאָס אידישע פאָלק איז דאריבער באשטימט אדער גע־צוואונגען פון דער השגחה צו שאַפען אזא וועלט. און דער אָנ־פאַנג דערפון, און דער זיכערסטער וועג דערצו איז, צו שאַפען ביי זיך א לעבען וואָס זאָל זיין למופת, א קאָנקרעטער ביי־שפיל פאר דער גאַנצער וועלט.

דער ענטפער אויף דער פראַגע, דאריבער, צי עס איז מעגליך, אז די תורה־רעליגיע אידישקייט זאָל ווערען אָט דער „מופת״ איז קלאָר:

די צייט איז רייף דערפאר. דער רצון, א פאַסיווער, א דרימלענדער, א אומבאַוואוסטזיניגער, איז דא דערפאר. עס איז נויטיג, אז דער דאָזיגער רצון זאָל אַקטיוויזירט ווערען,

זאָל באַשטראָלט ווערען פון א זוניג־העלען באוואוסטזיין און זיך פארקערפערען אין גרויסע, שווערע מעשים, מעשים וואָס זאָלען פיהרען צו א גרינטליכען זיך איבעראַנדערשען און זיך אויסלייטערען.

באוואוסטזיין און מעשים — זיי זיינען ממילא דער ענט־פער אויף דער צווייטער פראגע. די פראגע, ווי אזוי וועט דאָס אידישע פאָלק ווירקען אויף דער וועלט אז עס זאָל אין איהר מער קיין זכר ניט בלייבען פון דער אידישער פּראָב־לעם?

— .2 —

עס נויטיגט זיך צו רעדען גענויער וועגען דעם דאָזיגען ענין.

דער באוואוסטזיין. דאָס מיינט, אז די טויזענטער און דערנאָך די צענדליגער טויזענדער אידען, וואָס זיינען געטריי דער תורה־רעליגיע אידישקייט זאָלען אנערקענען בכל לבבם ובכל נפשם, אז אויף זיי איז געפאַלען דער גורל צו מאַ־כען דעם אָנהויב פון ברייננען די גאולה אויף דער וועלט און דערמיט ברייננען די גאולה פאר זיך זעלבסט, פאר׳ן אידישען פאָלק. אדער, און דער פּראָצעס איז דער זעלבער, זיך אליין דערהויבען און דערמיט דערהויבען די וועלט.

די דאָזיגע אנערקענונג וועט ניט זיין קיין נייע התגלות. אויך ניט קיין אויסגע׳פלפול׳טע טעאָריע וואָס איז א פּראָדוקט פון א וואונש געבוירען אין א געוויטאגטער פארביטערטער נשמה.

נאָך ביים סאמע אָנפאַנג פון דער אידישער געשיכטע, ווען פון אנטיסעמיטיזם איז נאָך קיין סימן ניט געווען, איז שוין פּראָקלאַמירט געוואָרען, אז דאָס אידישע פאָלק איז און דאַרף זיין א „ממלכת כהנים", א „גוי קדוש", א „עם סגולה", א „עם חכם ונבון". גרויס דאַרף דאָס אידישע פאָלק זיין צווי־שען די ניט־אידישע פעלקער ניט מיט זיין פּאָליטישער מאכט, ניט מיט אימפּעריאליסטישער גדולה, נאָר מיט זיין גייסט. „לא בחיל ולא בכח — כי אם ברוחי". די דאָזיגע אנערקענונג איז געוואָרען דער צענטראַלער וואונש־געדאנק פון דער גאנ־צער אידישער נבואה, און זיך איינגעוועבט אין דעם עצם „אחרית הימים" חלום.

פאַר לאַנגע לאַנגע תקופות איז די דאָזיגע אנערקענונג פארטונקעלט געוואָרען אדער גאר אין גאנצען פארשטעלט געוואָרען. דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אמת געהאַלטען פאַר א „אתה בחרתנו" פאָלק. ער האָט אבער אין דעם ניט געזען קיין התחייבות אין באצוג צו די ניט אידישע פעלקער. ער האָט זיך איינגעשרומפּען, ריכטיגער געזאָגט — מ'האָט איהם איינ־געשרומפּען אין זיינע ד' אמות, און ער האָט באטראכט די גאַנצע וועלט, און מיט רעכט, פאַר איין מעכטיגען שונא, פאַר א וועלט מיט רשעים, און געפיהלט צו זיי דעם „שפוך חמתך" געפיהל. אין אזא באציהונג צו דער וועלט, נאַטירליך, האָט ניט געקענט זיין קיין פּלאַץ פאַר דעם וואונש צו זיין א „אור לגויים".

א וויילע האָט צוריק א שייך געטאָן דער דאָזיגער געדאנק ביי דעם — רעפאָרם אידענטום. אזוי ווי אבער ער, דער גע־דאנק, איז ביים רעפאָרמיסטישען אידענטום אויסגעוואַקסען

פון ניט ריינע כוונות, האט דער דאזיגער אידענטום אין איהם מגלה פנים געווען שלא כהלכה — איהם פאלש אויס־געטייטשט און איהם פאלש פראקטיצירט. דער רעפארם אי־דענטום האט אראפגעווארפען פון זיך וואס מער דעם עול פון אידישקייט, די טויזענט און איינס פליכטען וואס זיינען מכשיר — צו זיין א „עם סגולה״, און פון דעם דאזיגער געדאנק איז געווארען ניט מער ווי א פוסטע פארמולע, וואס דינט בלויז פאר טעמען פון מאשינאווע, אויסגעדראשענע דרשות.

מיט דער אנטשטייאונג פון דעם אידישען וועלטליכען נאציאנאליזם און מיט זיין שנאה און קאמף געגען דעם אסי־מילאטארישען רעפארם אידענטום איז דער „אור לגויים״ געדאנק אין גאנצען פארווארפען געווארען, נאכדעם ווי ער איז פארשפאטעט און פארהאסט געווארען. דאס איז געווען נאטירליך. דער געדאנק צו זיין א „מלמד״ פאר תלמידים (די ניט אידישע וועלט) וואס זיינען דיר מבזה, וואס רודפ׳ען דיך, וואס פאר דיין תורה צאלען זיי דיר מיט פאגראמען און כל המינים נגישות — איז א סארט ״לועג לרש״, און דאס האט דעם יונגען אידישען נאציאנאליסטישען דור דערצארענט ביז דער טיפעניש פון זיין נשמה. און דער דאזיגער צארען צו דעם „תעודה״ (מיסיע) געדאנק פון רעפארם איז ביז׳ן היינטיגען טאג איינער פון די ביטערע געפיהלען ביים וועלטליך־אידי־שען נאציאנאליסט אין זיין שייכות צום רעפארם־אידענטום.

נאכדעם אבער וואס איז דא ארויסגעבראכט געווארען ווע־גען תורה־רעליגיע אידישקייט איז קלאר, אז דער געדאנק פון „אור לגויים״ האט לחלוטין ניט צו טאן מיט דעם „תעודה״ געדאנק פון דעם רעפארם אידענטום. געוויס קאן דער „אור

לגויים״ אידעאַל, ווי ער ווערט פארשטאַנען פון דער רעליגיע אידישקייט אויך ניט זיין צום האַרצען פון דעם וועלטליך־אי־דישען נאציאָנאַליסט. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. וויכטיג איז דער אייביגער „אני מאמין״ וואָס באלעבט דאָס אידישע פאָלק, דער אני מאמין וואס ציהט זיך דורך דער גאנצער טויזענטער יעריגער געשיכטע, אז דאָס אידישע פאָלק קאַן און דארף ווע־רען א דאָמינירענדער גייסטיג־קולטורעלער פאַקטאָר אין דעם לעבען פון דער מענשהייט דורך דער אידישקייט וואָס האָט איהם אליין געגייסטיגט און געלייטערט פאר טויזענטער יאָה־רען.

און עס איז קיין נפקא מינה ניט ווי איינער קומט צום דאָזיגען אני מאמין: צי דורך א מיסטיש־רעליגיעזען גלויבען, צי דורך דער אנערקענונג, אז געוויסע „תנאים״ (אויב איהר ווילט — דערקלערט זיי אויף א „וויסענשאפטליכען״ אופן) האָבען מכשיר געווען דעם אידישען פאָלק צו באקומען זיין תורה און דורך איהר ווערען וואָס ער איז. דאָ איז דער עיקר דער פאקט, אדער דער רעזולטאַט. דאָס איז, די אידישע לעבעדיגע (ניט אבסטראַקטע) עטיק; די אידישע הומאַנע גע־זעצענגעבונג; דער אידישער דאָרשט נאָך גאָט, און ממילא נאָך א זיניגקייט און תכלית אין סדר און שיינקייט אין דער וועלט; דער אידישער האָס צו רויער מאכט און מיליטאריזם; די אי־דישע שנאה צו טריפה׳נע מיטלען אפילו ווען זיי ווערען בא־נוצט פאר די כשר׳סטע צילען; די אידישע ליבע צו תורה לשמה; די שיינקייט און הייליגקייט און גייסטיגקייט פון דעם אידישען שבת און יום טוב — דאָס זיינען די אייגענשאפטען

וואָס מאַכען אידען פאר א פאָלק וואָס איז בארעכטיגט צו זיין א „אור לגויים״.

— 3. —

ווערט דער דאָזיגער באוואוסטזיין געקריסטאליזירט און איינגעקריצט אין די נשמות פון די תורה־רעליגיע אידען — אזוי פאָלגען איהם נאָך די מעשים.

ראשית כל ווערט אוועקגעשטעלט דאָס פריוואטע און משפחה לעבען אויפ׳ן תורה־רעליגיע יסוד. ריכטיגער — דאָס דאָזיגע לעבען שטעלט מיט זיך פאָר ניט בלויז א זאך פון רגילות, פון „מצות אנשים מלומדה״, פון בלינדער, מעכאַני־שער האנדלונג וואָס איז ניט שאַפענד, וואָס קאָן ניט איבער געגעבען מדור לדור — נאָר דאָס דאָזיגע לעבען ווערט באַזעעלט און באלויכטען פון א טיפער־טיפער כוונה. צוזאמען מיט דער באזעעלונג פון דעם פריוואט און משפחה לעבען ווערט דורך די פאראייניגטע באַמיהונגען פון יחידים און גרו־פען איינגעשטעלט א באנייט, דערפרישט אידיש־קהל׳יש לע־בען.

און זאָל דאָ באַטאָנט ווערען, אז דאָס דאָזיגע באנייטע פריוואט־און־קהל׳ש לעבען וועט זיין תורה׳דיג ניט נאר אין דעם זינען פון בין אדם למקום, נאָר אויך, אדער בעיקר, אינ׳ם זינען פון בין אדם לחברו.

א תורה־רעליגיע איד מוז זיין א „שם־נרדף״ (א סינאָנים) צו „א עטישער מענש״. „פרום״ מיינט אויך און בעיקר „גוט״. א נאציאָנאל־וועלטליכער איד מעג זיך „פארגינען״ צו זיין א

מיאוסער מענש. ער קאן יוצא זיין מיט זיין זארגען זיך און אר־בייטען פאר דער אידישער „נאציאָן", אדער פאר דער אידי־שער „קולטור". א סאָציאַליסטישער, אדער קאמוניסטישער איד קאָן זיך געוויס דאָס פארגינען. ער קאָן יוצא זיין מיט „קאמף" פאר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און פארשטופען דעם ענין פון עטיק פאר דער צוקונפטיגער „געזעלשאפט". א רעליגיעזער איד דארף ראשית כל אָנפאנגען מיט זיך אליין.

דאָס איז זעהר א שווערער ענין. עס איז גרינגער צו תפלה טאָן און תורה לערנען און אפילו צדקה געבען און היטען שבת און יום טוב (אבער ניט אין אמעריקא), ווי צו האָבען א ריי־נעם לשון, אָכטען דעם צווייטען, וועלען פארשטיין דעם צוויי־טען, זיין ריין פון קנאה, שנאה, א. ז. וו. גראדע אבער די דאָ־זיגע שוועריגקייטען מאַכען אידישקייט חשוב און גרויס . . . און נאָר דער וואָס איז אויף זיך מקבל די דאָזיגע שוועריגקיי־טען באקומט דעם וואונדערבאַרען כח צו ווירקען אויף זיין ארום, בפרט נאָך ווען זיי, די דאָזיגע שווערע פליכטען, ווערען פּראַקטיצירט, ווען זיי ווערען דער לעבענס־שטייגער פון א גאנצען קיבוץ, ווען דאָס ווערט אנערקענט אלס דאָס כאַראַק־טעריסטישע אין דעם קיבוץ.

לכל הפחות, דארף דאָס שטרעבען צו עטישער שיינקייט ווערען דער אלף און תיו פון דעם רעליגיעזען אידען. און עס איז באוואוסט, אז דאָס דערגרייכען צו א געוויסער מדרגה פון עטישער שיינקייט איז א גענוגענדע באלוינונג, אדער א פו־לער נחת פאר דעם צער וואס איז מיט דעם פארבונדען.

דאָס איז בנוגע צום לעבען פון דעם אידישען יחיד. וואס

איז שייך דעם קהל׳שען אידישען לעבען — דא דארף פארקו־
מען א אמת גרינטליכע רעוואָלוציע.

מיר איז ניט געגוג באקאנט דאָס קהל׳שע רעליגיעזע לע־
בען ביי דער איצטיגער צייט אין אנדערע לענדער, וואו עס
וואוינען געדיכטע אידישע מאסען. איך האָב אבער א גע־
נוגענדע באקאנטשאפט מיט אונזער קהל׳ש־רעליגיעזען לע־
בען אין אמעריקא.

איך באמיה זיך — ניט צו ריידען וועגען דעם דאָזיגען
לעבען ווי א קטיגור. איך וועל דערפאר ניט דערמאָנען קיינע
פרטים וואָס וואָלטען געדינט אלס קלאָרסטע אילוסטראַציעס
צו דעם וואָס איך וואָלט געזאָגט וועגען דעם דאָזיגען לעבען.
איך וועל בלויז דערמאנען דאָס, וואָס איז באוואוסט, אז דאָס
קהל׳שע רעליגיעזע לעבען אין געוויסע קרייזען אין אמעריקא
איז ניט געגוג עטיש, גאָרניט עסטעטיש, און אויך ניט —
פראָקטיש־קלוג. עס איז הפקר׳דיג־נאַריש־וואולגאַר. עס איז
גוט וואָס אונזער אייגענע יוגענד, די היי־געבוירענע און דער־
צויגענע איז ניט באקאנט מיט׳ן דאזיגען לעבען און אינטערע־
סירט זיך ווייניג מיט דעם... עס איז אבער א הארץ־ווייטאג צו
זעהן, ווי די יוגענד וואָס דערציהט זיך יאָ אין דער דאָזיגער
אַטמאָספערע ווערט מיט דער צייט אליין מושפע פון איהר
און זעצט זי פאָר אויף זייך אמעריקאנישען שטייגער. עס איז
נאָך א גרעסערער האַרץ־ווייטאג צו זעהן, ווי פילע פון די
אינטעליגענטערע און פיינערע צווישען דער דאָזיגער יוגענד
קערען זיך אָפּ פון דער דאָזיגער אַטמאָספערע מיט פאראכ־
טונג . . .

פון דעם אלץ וואָס איז ארויסגעזאָגט געוואָרען אין דער

דאָזיגער אָפּהאַנדלונג איז קלאָר, אַז דאָס עקזיסטירענדע קהל'שע לעבען אין אמעריקא איז לחלוטין ניט מסוגל דערפי־לען די אויפגאַבען, אידישע און וועלטליכע, וואָס מיר ווילען שטעלען פאַר דעם. עס דאַרף דאַריבער פאָרקומען אין דעם פּרט א גרינטליכע ענדערונג, וואָס איז ניט נויטיג אפילו מיט איין וואָרט באַשטימען איהר כאַראַקטער און אופן.

און זאָל דאָ צוגעגעבען ווערען, אַז ניט רעפאָרם און ניט קאָנסערוואַטיזם זיינען ביכולת צו מאכען דאָס קהל'שע רעלי־גיעזע לעבען א מוסטער פון רעליגיעזער שיינקייט, אמת און גאַנצקייט. עס קאָן אויך ניט פאָרקומען די געוואונשטע ענדע־רונג דורך א מעכאַניש־אויסערליכע אָרגאַניזירונג און פאַר־אייניגונג, ווי דאָס ווערט פעריאדיש געפּרואווט מיט ריינע און אומריינע כוונות. א באַניאונג פון דעם קהל'שען לעבען קאָן קומען נאָר פון אינעווייניג. דאָס איז — דורך אויפריכטיגקייט, ערענסטקייט, אמת'ע רעליגיעזיטעט. די דאָזיגע אייגענשאַפ־טען וועלען ממילא פיהרען צו אויסערליכע אָרגאַניזירטקייט און סיסטעמאטישקייט וואָס מיר געפינען אין געוויסע תקופות פון אונזער געשיכטע און אין געוויסע לענדער, ווי א שטייגער אין דער אַמסטערדאַמער און אין געוויסע איטאַליעניש־אידישע קהלות.

דורך דער איינשטעלונג פון א שיינעם קהל'שען לעבען ווערען אויטאָמאַטיש אויסגעשלאָסען פון איהם ניט קיין ריי־נע מענשען, אדער "פּאָליטישענס", אויב איהר ווילט זיי אזוי באַצייכענען. דורך א שיינעם קהל'שען לעבען ווערט מקויים דער פסוק „והיה מחנך קדוש", ניט ווייל מיר טרייבען בידים אוועק די ניט שיינע מענשען — נאָר ווייל, ענטוועדער זיי גייען

אליין אוועק, אדער. . . זיי ווערען אַסימילירט — זיי ווערען פיינע מענשען־אידען.

די רייניגונג, דאָס געזונט מאכונג פון דעם אידיש־רעליגיעזען לעבען אין אמעריקא לויט א באשטימטען פּלאן, וועלכען איך האלט ניט פאר נויטיג אפילו מיט א וואָרט באריהרען — איז ניט דער איינציגער און אפילו ניט דער הויפּט חידוש אין דער באנייאונג פון אונזער פאָלקס־לעבען. דער וויכטיגער חידוש דארף באשטיין אין דעם, וואָס די תורה־רעליגיעזע אידען וואָס וועלען דורכגעדרונגען ווערען מיט די אידעען וואס זיינען דאָ ארויסגעבראכט געוואָרען, וועלען זיך קאָנצענטרירען אין באזונדערע געגענדען אין די גרויסע אמעריקאנער שטעט, און בילדען מיט זיך אָט די „קראפט און ליכט סטאַנציעס" וואָס וועלען פארשפרייטען ליכט און ווארימקייט פאר דער גרויסער אידישער סביבה.

אין די דאָזיגע געגענדען וועלען געשאַפען ווערען מוסטערס פון שולען, תלמוד תורה'ס, ישיבות, בילדונגס־אינסטיטוציעס פאר דערוואַקסענע, הילף און שטיצע גרופּען, צדקה־אַנשטאַלטען און אנדערע אינסטיטוציעס וואָס די באַפעלקערונג וועט געפינען פאר נויטיג צו גרינדען.

ביי דער איצטיגער צייט זיינען די אידישע מאסען קאָנצענטרירט אין זייערע געגענדען. עס איז אָבער ניטא קיין שייכות, קיין אינערליכע פארבינדונג צווישען די טויזענטער־טויזענטער יחידים וואָס בילדען די דאָזיגע מאַסען. די לעצטע יאָהרען זיינען שוין געשאַפען געוואָרען ספּעציעלע געגענדען פון וועלטליכע אידען. עס איז צייט, אז תורה־רעליגיעזע אידען, פאראייניגט דורך דעם גייסט און באוואוסטזיין וואָס זיינען דאָ

אָנגעצייכענט געוואָרען, זאָלען שאפען זייערע געגענדען.

דאָס צוזאַמענלעבען פון אידען וואָס זיינען פאראייניגט דורך איין גרויסען אידעאל און דורך איין מוסטערהאַפטען לעבנסשטייגער, וועט איין מאָל פאר אלע מאָל לייזען די שווע־רע פּראָבלעם פון אידישער דערציהונג.

ווייל דורך דעם צוזאַמענלעבען פון גרויסע גע־דיכטע רעליגיעזע מאסען וועט דאָס אידישע קינד קריגען זיין אידיש־מענשליכע דערציהונג ניט נאר פון חדרים און תלמוד תורה׳ס און ישיבות, נאָר פון דער גאַנצער אַטמאָ־ספערע וואָס וועט הערשען אין דעם געגענד. און ניט נאר לערנען וועט דאָס אידישע קינד נאָר אויך לעבען א אידיש לעבען צוזאמען מיט הונדערטער און טויזענטער פון זיינע חברים אין דעם געגענד. און זיינע לימודים וועלען ניט זיין בלויז עלעמענטארע — נאָר אויך מיטעלע און העכערע, אויב ער וועט האָבען דעם חשק און די פעהיגקייטען דערצו. ווייל אין אזעלכע געגענדען וועלען זיין ניט נאר תלמוד תורה׳ס און בתי־כנסת, נאר בתי־ועד און בתי־מדרש — העכערע אינס־טיטוציעס פאר אידישע לימודים.

אין אזעלכע געגענדען וועלען אידען אויך קענען „אָפּאַר־דען" צו האָבען עמי־הארצים, פונקט ווי מיר האָבען געהאַט אין אלע דורות. און עס איז א סברא, אז אידישע עמי־הארצים וואָס לעבען אידיש, סיי בין אדם־למקום׳דיג, סיי בין אדם־לחברו׳דיג, וועלען זיין פיל חשוב׳ער, פון א מענשליכען און אידישען שטאַנדפונקט, פון פילע פון היינטיגע חכמת־ישראל אידען, תרבות אידען און אפילו — תורה־אידען . . . ווייל ווען עס זיינען דאָ אזעלכע „עמי הארצים"—איז דאָ אן אטמאָספערע

פון שיינקייט און גייסטיגקייט, פון כבוד התורה און אהבת התורה. נאָך מער, עס איז אפילו דאָ פלאַץ פאר „קולטור". זיי־נען אבער אזעלכע אידען ניטא — איז ניטא קיין באָדען, ניט פאר תורה, ניט פאר חכמת ישראל און ניט פאר קולטור . . .

עס איז כדאי זיך אריינטראכטען אין דעם.

עס איז דא נאָך איין גרויסע מעלה אין דער עקזיסטענץ פון די דאָזיגע געגענדען: זיי ווערען אויטאמאַטיש אָרגאַניזיר־טע קהלות. אָרגאַניזירט ניט דורך אויפרופען, קאָנווענשאָנס, און אנדערע פראָפּאַגאַנדע מיטלען, נאָר אָרגאַניש צווישען זיך פארבונדען. דורך איין גייסט און לעבענס־שטייגער. צייטען־וויַיז אָבער, ווען עס וועט זיך פיהלען די נויטיגקייט, וועלען אויך באנוצט ווערען מעכאַנישע מיטלען פון דער מאָדערנער צייט. פאָרשטייער, אויסדערוויילטע אדער ניט אויסדערווייל־טע, פון ברוקלינער קהלות, למשל, וועלען זיך צוזאמענקומען מיט מאַנהעטענער, בראָנקסער א. ז. וו. קהלות, און אויך מיט פילאדעלפיער, באָסטאָנער, שיקאַגער א. ז. וו. קהלות. זיי ווע־לען פארהאַנדלען פּראָבלעמען פון זייער אינערליכען לעבען, און אויך אידיש נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פון אַן אַלוועלטליכען כאַראַקטער.

אזא סאָרט אָרגאַניזירט תורה־רעליגיע אידיש פאָלק אין אמעריקא (און דאָ רעדט זיך פון אמעריקאנער אידענטום) — וועט זאָגען זיין וואָרט און וועט האַנדלען געמיינשאַפטליך אין שייכות צו ציוניזם און להבדיל, צו היטלעריזם און אַנטיסע־מיטיזם און אפילו צום אידישען קאָמוניזם . . .

איך וועל דאָ ניט אריינגייען אין פרטים. זיי פאָדערען א באזונדער אָפּהאַנדלונג. עס קאָן אבער ניט זיין קיין ספק, אז

אַן אָרגאַניזירט, אינטעליגענט, תורה־רעליגיע באוואוסטזיניג אידיש פאָלק וועט האָבען א באזונדער ווארט וועגען אידישער פאָליטיק, א וואָרט וואָס וועט זיין דורכגעשטראַלט מיט דער חכמה וואָס איז פארבאָרגען אין דער תורה־רעליגיע אידיש־קייט און זיך שטיצען אויף דער דערפאַרונג פון א גרויס פאָלק וואָס פאַרמאָגט א טויזענטער־יעריגער געשיכטע.

דאָס ארגאַניזירטע תורה אידענטום וועט אויך האָבען איהר „וועלטליכקייט": איהר פרעסע, ליטעראַטור, קונסט און אפילו טעאטער אויב דאָס וועט געפונען ווערען פאר נויטיג אלס א חיזוק צו זיין תורה לעבען און שאַפען. ווייל, ווי עס איז שוין באמערקט געוואָרען, ניט קיין „שטעטעל"־אידענטום וועט דאָס זיין, נאר א אידענטום וואָס שרעקט זיך ניט פאר „השכלה", ניט פאר קולטור אינ׳ם מאָדערנעם זין, און שטעלט זיך ניט אפּ פאר דאָס וואָס מיר רופען „צופּאסונג" צו צייט און פלאַץ.

„צופאסונג". יאָ. אבער ניט אינ׳ם נאָמען פון וויסענשאפט און צייט־גייסט און באקוועמליכקייט. ווייל עס איז גאַנץ מעג־ליך, אז דאָס באנייטע תורה־רעליגיע אידענטום וועט ארויפ־לייגען מער פליכטען, מער „חומרות", ווי דאָס געטאָ־אידענ־טום האָט געטאָן. ער וועט אָבער קיין מורא ניט האבען מאַכען „קולות" (פארלייכטערונגען), אויב ער וועט געפינען פאר נויטיג. געפינען — אין זיך גופא. דאָס הייסט, ביי דער אי־נערליכער ליכט פון אידישקייט און ביי איהר אייגענעם מאָס־שטאָב.

די אידישע ליכטיגע גייסטער האָבען פון אייביג אָן גע־וואוסט דעם סוד פון צופּאַסונג פאר׳ן יודענטום לטובת זיין

אייגענעם חיזוק, זיין פארטיפונג, פארשפרייטונג און וויר־קונג.

— .4 —

שאפט זיך איינער א פארשטעלונג פון א באנייטען און געקרעפטיגטען אידענטום אין אמעריקא, לויט די ליניען וואס זיינען דא אנגעצייכענט געווארען — אזוי איז איהם ניט שווער צו פארשטעלען זיך די ווירקונג וואס אזא אידענטום קאן האָ־בען אויף דער ניט־אידישער אמעריקא, און מיט דער צייט — אויף דער ניט־אידישער וועלט בכלל.

דאס אמעריקאנער פאלק ווערענדיג באקאנט מיט'ן אי־דענטום און באקומענדיג דרך ארץ פאר איהם — וועט זיך ביי איהם, ביים אמעריקאנער פאלק, דערוועקען א חשק זיך אויך באקאנען מיט'ן יודענטום. אדער אין אנאנדער נוסח: דאס לעבעדיגע אידישע פאלק וועט ארויסרופען דעם באגער צו קענען זיין פארבארגענע נשמה־אידישקייט. דאס וועט פיהרען דערצו, אז אין די אמעריקאנער שולען, מיטעלע און העכערע, וועלען געגרינדעט ווערען קורסען אין אידישקייט, אדער אז ניט־אידען וועלען אנהויבען לערנען און פארשען אידישקייט אין אונזערע אידישע שולען.

אידישקייט אלס א וועלט־אנשויאונג און לעבענסשטייגער וועט אנהויבען באטראכט ווערען אלס א נוצליכער געגענ־שטאנד, ווי עס ווערען באטראכט חשבון, ביאלאגיע, פיזיקע, א. ז. וו. פריהער וועט דאס געלערענט ווערען דורך לעקציעס אויף דער לאנדסשפראך וועגען אידישקייט — תנ"ך, תלמוד,

מדרש, קבלה, חסידות, מוסר, ארץ ישראל. מיט דער צייט אָבער וועט וואַקסען דער חשק לערנען אידישקייט אין איהרע מקורות און אין איהר שפּראך העברעאיש, און אפשר אויך אין — אידיש, אויב אידיש וועט עקזיסטירען צווישען די גרויסע אידישע מאסען אלס אידיש און ניט אלס אידישיזם...

דאָס לערנען אידישקייט וועט זיך פארשפּרייטען צווישען אמעריקאנער פון זיך אליין. אויב אבער דאָס וועט ניט פּאָרקומען, וועלען די ארגאַניזירטע אידישע קהלות נעמען אויף זיך די איניציאטיווע דערפאר, ווי נאר זיי וועלען דערשפּירען און פארשטיין אז דער באָדען איז רייף דערפאר, אז עס איז דאָ די געווינשטע הכשרת הלבבות . . .

און עס וועט זיך פאָדערען א ים פון שכל, פון ערליכען שכל (ניט „פּאָליטיק") און טאַקט און פיינעם געשמאַק מצד די פיהרער פון דעם אָרגאַניזירטען אידענטום צו איינפיהרען די לימודים פון אידישקייט אין דער ניט־אידישער אמעריקא. עס דאַרף אָבער קיין מורא ניט זיין, אז זיי וועלען נכשל ווערען, ווייל טיף אין האַרצען וועלען זיי זיין באוועגט פון דעם ערליכען וואונש ניט פוגע בכבוד זיין די ניט־אידישע געפיהלען ווייל עס וועט זיי קיינמאָל ניט פארלאָזען די גין־גאָלדענע ריינע כוונה ניט אָנצופיהרען קיין מיסיאָנערישע ארבייט צווישען די ניט־אידען. בלויז איין תשוקה וועט זיי באזעלען: אז דאָס אמעריקאנער פאָלק זאָל וויסען און פארשטיין די אידישע נשמה.

„וויסען און פארשטיק". כדי דאָס זאָל פיהרען צו פולער פריינדשאפט און אכטונג צום אידישען פאָלק; כדי אז אויך אין דער ניט־אידישער וועלט זאָל וואַקסען און שטייגען דער

װאונש־אידעאל צו שאַפען א לעבען, א אינדיװידועלען און סאָציאַלען, אינ׳ם גייסט פון תורה־נבואה־תלמוד א. ז. װ.

דאָס אידישע פאָלק דארף כלל ניט זיין פאראינטערע־סירט, אז די ניט־אידישע װעלט זאָל אָננעמען זיין בין־אדם־למקום׳דיגע אידישקייט, נאָר אז זי זאָל אָננעמען זיין בין־אדם־לחברו׳דיגע אידישקייט . . .

זי, די ניט אידישע װעלט, װעט דורך דעם געהאָלפען װערען און ממילא װעלען מיר דורכדעם געהאָלפען װערען.

װייל װי עס געלונגט דעם גענייסטיגטען און געקרעפטיג־טען אידענטום אין אמעריקא צו װירקען מיט זיין גייסט און לעבען אויף אמעריקא — אזוי װעט די מעכטיגע אמעריקא װירקען אויף דער גאַנצער װעלט . . .

ניט זי אליין. זי מיט ענגלאנד. זי מיט פראנקרייך. זי מיט אלע דעמאָקראַטישע, פרייהייט און פרידען און יושר ליבענדע פעלקער.

זיי אלע װעלען מיט אן אמת, בלבב שלם, זיך נעמען ליי־זען די אידישע פראגע, הן דורך ארץ ישראל, הן אין דער גאַנצער װעלט.

— — — —

א קודש־קדשים׳דיגע אויפגאבע האָט די השגחה ארויפ־געלייגט אויף דעם אידישען פאָלק פון היינטיגען דור, און באַ־זונדערס אויף דעם מעכטיגסטען און איינפלוסרייכסטען טייל פון דעם אידישען פאָלק — דאָס אמעריקאנער אידענטום. און געבענשט װעלען זיין די יחידים און גרופען פון דעם איצטי־גען אידישען דור, װען זיי װעלען פארשטיין די אויפגאבע, זיך פאר איהר באגייסטערען, און מיט׳ן כח פון דער אייביגער

אידישער עקשנות, חכמה און מסירת נפש, מאַכען דעם אָנהויב פאר איהר דורכפיהרונג.

געבענשט וועלען זיי זיין — ניט נאר פון די קומענדע דורות פון דעם אידישען פאָלק, נאר אויך — פון די דורות פון דער ניט־אידישער וועלט, וואָס וועט ציהען איהר גייס־טיגע יניקה פון די אייביג־פרישע קוואַלען פון דער תורה־רע־ליגיע אידישקייט.